געקליבענע

# שריפטען

— פון —

# י. וו. געטהע

איבערזעצט פון

ד. מ. הערמאלין

פיערטער באנד

היברו פאבלישינג קאמפאני
83-85 קאנאל סטריט, ניו יארק.
1911.

COLLECTION OF WRITINGS

by

I. W. GOETHE

Translated into Yiddish by D. M. HERMALIN.

# אינהאלט פערצייכנים





# פֿאָרוואָרט צו „קלאָוויגאָ"

דיעזעס טרויערשפּיעל, „קלאַוויגאָ," איז א דראמאטישע ארבייט געגרינדעט אויף א פאקט. כמעט אַלע האנדלענדע פּערזאָנען זיינען געוועזן טהעטיג אין לעבען און זאָגאר זייערע נעמען זיינען ניט געביטען. אבער די ארבייט איז, ווי מיר רופען עס היינט, א שטיק „שונד." געטהע האט דאס אויפגעשריעבען אין איינינע טעג צייט. פאר דער ביהנע איז דאס, פיעללייכט, דאס בעסטע ווערק, וואס געטהע האט געשריעבען.

נאָר, ווי געזאָגט, איז דאס געוועזן זעהר ווייט פון א ליטעראריי שעם ווערק, און פאר געטהע'ן האט עס געוויס ניט געפּאסט.

מערקס, דער טהעאטער־דירעקטאָר, האט דאַן געזאָגט צו געטהע'ן פאָלגענדעס: „אזעלכע שונד זאָלסטו פאר מיר ווייטער ניט שרייבען, דאס קענען אויך די אנדערע."

געטהע'ן האט שפּעטער באנק געטהון ווארום ער האט געפאָלגט מערקס'ן. ער האט בעסער געוואָלט אויפשרייבען עטליכע אזעלכע ווערק פאר דער ביהנע. ער האט שוין געהאט זאָגאר די פּלענער, נאָר מערקס האט זיי צושטערט.

דער איבערזעטצער.

## דראמאטישע פערזאנען:

---

קלאוויגא.
קארלאס, זיין פריינד.
באמארשיי.
מאריע באמארשיי.
סאפיע גילבערט (געבוירען באמארשיי).
גילבערט, איהר מאן.
בוענקא.
סט. געארג.

האנדלונג קומט פאר אין מאדריד.

# ערשטער אקט

## ערשטע סצענע: קלאַוויגאָ'ס וואוינונג.

קלאַוויגאָ און קאַרלאָס ערשיינען.

קלאַוויגאָ.

(זיך אויפהייבענדיג פון שרייב־טיש:) די צייטונג וועט טהון גוטעס, זי מוז בעצויבערען אַלע פרויען. זאָג מיר נאָר, קאַרלאָס, גלויבסטו ניט, אז מיין וועכענטליכע צייטונג איז יעצט איינע פון די ערשטע אין אייראָפּאַ?

קאַרלאָס.

מיר שפּאַניער, וועניגסטענס, האבען קיין מאָדערנעם פּערפאַסער, וועלכער זאָל פעראייניגען אזוי פיעלע קרעפטיגע געדאַנקען, אזעלכע הערליכע פאַנטאַזיען מיט אזא בריליאַנטענעם און לייכטען סטיל.

קלאַוויגאָ.

הער אויף, איך בעט דיך. איך מוז אימער זיין צווישען פּאָלק דער שעפּפער פון גוטען סטיל; די מענשען זיינען בערייט זיך צו לאָזען בעאיינפלוסען פון סאַי־וואס; איך האב א גוטען נאָמען צווי־שען מיינע מיט־בירגער, איך האב אויך זייער צוטרויען; און, צווישען אונז גערעדט, וואקסען מיינע פּערדיענסטע פון טאָג צו טאָג; מיין ערפאַהרונג ווערט גרעסער, און מיין סטיל ווערט אימער דייטליכער און שטאַרקער.

קאַרלאָס.

גוטער קלאַוויגאָ! דאָך, אויב דו וועסט קיין פאַראיבעל ניט האַ־בען, איז מיר דיין צייטונג בעסער געפעלען געוואָרען, ווען דו האָסט

געשריעבען נעבען מאריע׳ן, ווען די שעהנע און מונטערע בריאה האט נאך געהאט אן איינפלוס איבער דיר. איך וויים ניט, ווי אזוי, עפּעם אלעם מיט אנאנדער האט געהאט א יוגענדליכע און בליהענדע ער־שיינונג.

## קלאוויגא.

אך, יענע זיינען געווען גוטע צייטען, קארלאָס, אבער זיי זיינען יעצט שוין פאראיבער. איך בין פאר דיר מודה, אז דאמאָלס האב איך געשריעבען מיט אן אָפּענער הארץ; עס איז אויך אמת, אז זי האט געהאט א גרויסען אנטהייל אין דעם אפּלאַז, וואס דאס פּובליקום האט מיר געגעבען אין אָנפאנג. אבער, קארלאָס, א מענשען ווערען באלד די פרויען נמאס. ביסטו ניט געווען דער ערשטער איינצושטימען צו מיין בעשלוס, ווען איך האב אָבגעמאכט לויז צו ווערען פון איהר?

## קארלאָס.

דו וואָלסט פערזשאווערט געוואָרען. פרויען זיינען אביסעל צו מאָנאָטאָן. עס שיינט מיר בלויז, אז דו דארפסט אויפטהון עפּעס נייעס.

## קלאוויגא.

מיין נייער פּלאַן איז דער הויף; דאָרט איז ניטאָ קיין לעדיג־געהען און קיין יום־טוב. פאר א פרעמדען, ווי איך, וואס האט ניט קיין איינפלוס, קיין נאָמען, קיין פערמעגען, האב איך ניט גענוג אויפגע־טהון זייט דער צייט, וואס איך בין דאָ? דאָ אין הויף, צווישען די מאסען מענשען, וואו עס איז גאָר ניט גרינג צו צוציהען אויפמערק־זאמקייט. איך פרעה מיך זעהר צוריקבליקענדיג צום וועג, וואס איך האב פערלאָזען, נעליעבט פון ערשטען אין קעניגרייך! געעהרט פאר מיין טאלענט, מיין ראנג! דעם קעניג׳ס סעקרעטער! קארלאָס, אלעס וואס גיט מיר נייעם מוטה; איך וואָלט געווען א גאָר ניט, ווען איך זאָל פערבלייבען ווי איך בין. פאָרווערטס! פאָרווערטס! און די פרוי־ען! די פרויען! מען פערלירט צו פיעל צייט איבער זיי.

## קארלאָס.

נאר, דאס איז דיין שולד. איך קען קיינמאָל ניט לעבען אָהן

פרויען, און מיך שטערען זיי גאָר ניט. איך זאָג זיי אויך ניט צו קיין שעהנע זאכען, טרייסט מיך ניט מאָנאטען לאנג מיט סענטימענטען און דערגליכען; מיט שטאָלצע מיידלעך וויל איך גאָר ניט צו טהון האבען. מיט זיי ווערט מען באלד פארטיג; דערנאָך שלעפּט מען זיך ארום א לאנגע צייט, און אזוי ווי זיי ווארעמען זיך אָן אביסעל, פילט זיי אָן דער רוח מיט געדאנקען איבער חתונה האבען, חתונה פאַר־טרעגע, פאר וועלכע איך האב מורא ווי פאר א פעסט. ביסט עפּעס פערטראכט, קלאַוויגאָ?

## קלאַוויגאָ.

איך קען מיך ניט אָבטרייסלען פון דעם געדאנק, אז איך האב פערלאָזען מאריע'ן — זי אָבגעגנארט, רוף עס ווי דו ווילסט.

## קאַרלאָס.

מערקווירדיג! מיר דאכט זיך, אז מען לעבט בלויז איינמאָל אויף דער וועלט, אז מען האט בלויז איינמאָל דיעזע קרעפטען, דיעזע אויס־זיכטען, און ווער עס ברויכט זיי ניט אם בעסטען, דער בלייבט א שוטה. חתונה האבען! חתונה האבען פונקט דאמאָלס ווען דאס לעבען איז אין דער רעכטער פרעכטיגקייט? זיך אוועקזעטצען אין א הויז, זיך איינשליעסען, ווען מען האט א העלפט פון די עראָבערונגען ניט גע־וואונען? אז דו האָסט זי געליעבט, איז געווען גאנץ נאטירליך; אז דו האָסט איהר פערשפּראָכען חתונה צו האבען, איז גלאט געווען א נאררישקייט, און ווען דו וואָלסט געהאַלטען וואָרט, וואָלט עס פון דיר געווען גלאט א משוגעת.

## קלאַוויגאָ.

זעה נאָר, איך פערשטעה ניט די מענשען. איך האב זי באמת געליעבט, זי האט מיך צוגעצויגען, זי האט מיך געהאַלטען, און ווען איך בין געזעסען נעבען איהרע פיס, האב איך איהר געשוואָרען, מיר געשוואָרען, אז עס וועט אייביג אזוי זיין, אז איך וועל זיין איהרער, אזוי גיך ווי איך וועל האבען אן אמט, א שטעלע — און יעצט, קאַרלאָס!

קארלאָס.

עס וועט נאָך זיין גענוג צייט, ווען דו וועסט זיין א געמאַכטער מענש, ווען דו וועסט דערגרייכען דעם געווינשטען ציעל, דאן וועסטו מיט עפּעס א רייכע פאַמיליע דיך פערבינדען אין א קלוגער הייראַטה.

קלאַוויגאָ.

זי איז פערשוואונדען! אַט אזוי ארוים פון מיין הארצען, און ווען איהר אונגליק וואָלט מיר ניט אַמאָל דורכגעפלויגען דורך'ן קאָפּ — מערקווירדיג, ווי מען קען זיך ענדערן!

קארלאָס.

ווען א מענש זאָל זיך תמיד האַלטען ביים וואָרט, וואָלט מיך גע־וואונדערט. זעה נאָר, פערענדערט זיך ניט אלעס אין דער וועלט? זיי נאָר רוהיג, זי איז ניט דאס ערשטע פערלאָזענע מיידעל און אויך ניט די ערשטע, וואס האט זיך געטרייסט. ווען איך וואָלט דיר גע־מעגט געבען אן עצה, וואָלט איך דיר געזאָגט וועגען דער יונגער אלמנה געגענאיבער —

קלאַוויגאָ.

דו ווייסט, איך קימער מיך ניט פיעל אום אזעלכע פאָרשלעגע. א ראָמאַן, וואס קומט ניט פון זיך אליין, קען מיך ניט איינגעהמען.

קארלאָס.

אזוי זיינען די דעליקאַטנע מענשען.

קלאַוויגאָ.

לאָמיך שוין צורוה דערמיט. פערגעס בעסער ניט, אז אונזער הויפּט ארבייט איצט איז, זיך צו מאַכען נויטהווענדיג ביים נייען מיניסטער. דאס וואס וואהל רעזיגנירט פון זיין רעגיערונג אין אינדיען, איז ניט גוט פאר אונז. חוץ דעם ארט עס מיך גאָר ניט; זיין איינ־פלוס בלייבט — גרימאַלדי און ער זיינען פריינד, און מיר ווייסען ווי צו פלוידערן און זיך ארויסדרעהען.

קארלאָס.

און דענקען און טהון וואס מיר ווילען.

קלאַווינאָ.

דאס איז די הויפּטזאַך אין דער וועלט. (קלינגעלט פאַר׳ן בע־דיענטען:) טראָג אוועק דאס בלאַט אין דער דרוקעריי.

קאַרלאָס.

וועט מען דיך קענען זעהען היינט אבענד?

קלאַווינאָ.

איך רעכען, אז ניין. קענסט דיך אבער נאָכפרעגען.

קאַרלאָס.

איך וואָלט זעהר וועלען טהון עפּעס היינט אויף דער נאַכט, וואס זאָל מיר דערפריינען מיין הארץ; דעם גאַנצען נאָכמיטאָג וועל איך מו־זען שרייבען. איך קען גאָר צו קיין סוף ניט קומען.

קלאַווינאָ.

האב געדולד. ווען מיר זאָלען ניט ארבייטען פאר אזוי פיעלע מענ־שען, וואָלטען מיר אויך ניט געשטאַנען העכער פון זיי.

(אָב.)

---

# גילבערט׳ס וואוינונג

סאָפיע גילבערט, מאַריע באָמאַרשיי, דאָן בוענקאָ.

בוענקאָ.

האט איהר געהאט א שלעכטע נאכט?

סאָפיע.

איך האב עס איהר נאָך געזאָגט נעכטען אבענד. זי איז געוועזן אויסגעלאַסען לוסטיג און געפּלוידערט ביז עלף א זייגער, דאַן האט זי זיך צוהיטצט, ניט געקענט שלאָפען, און איצט קען זי קוים כאַפּען

דעם אָטהעם און ניט אויפגעהערט צו וויינען דעם גאַנצען פריה־מאָרגען.

מאַריע.

מערקווירדיג, וואס אונזער ברודער קומט ניט. צוויי טעג זיינען שוין אריבער איבער דער צייט.

סאָפיע.

נאָר געדולד, ער וועט קומען.

מאַריע (אויפשטעהענדיג:)

ווי נייגיעריג איך בין צו זעהען דיעזען ברודער, מיין ריכטער און מיין רעטער. איך קען מיך קוים עראינערן אָן איהם.

סאָפיע.

אָך יא, איך קען מיר איהם נאָך גוט פאָרשטעלען: ער איז געוועזן א פייערדיגער, אָפענהערציגער און בראַוור יונג; דרייצעהן יאָהר איז ער אַלט געוועזן, ווען אונזער פאָטער האט אונז אהער געשיקט.

מאַריע.

אָ עדעלע, גרויסע נשמה. איהר האט דאָך געלייענט דעם בריעף, וואס ער האט געשריעבען, ווען ער האט ערפאַהרען פון מיין אונגליק. יעדער בוכשטאַב דערפון שטעהט אין מיין הארצען. „ווען דו ביסט שולדיג," שרייבט ער, „דאַן זאָלסטו ניט ערוואַרטען, אז איך וועל דיר מוחל זיין; איבער דיין עלענד זאָל נאָך צוקומען די פעראַכטונג פון א ברודער און די קללה פון א טאַטען. ביסטו אבער אונשולדיג, דאַן זאָל די גאַנצע נקמה, די גאַנצע גליהענדע נקמה זאָל קומען אויף דעם פעררעטהער!" — איך ציטער, ער וועט קומען. איך ציטער ניט פאַר מיר, ווייל איך שטעה פאַר גאָט אין מיין אונשולד. איהר מוזט, מיינע פריינד — איך ווייס ניט, וואס איך וויל — אָך, קלאַוויגאָ!

סאָפיע.

הערסט ניט אויף? וועסט דיך אליין דער'הרג'ענען.

מאַריע.

איך וועל זיין שטיל. יא, איך וועל ניט וויינען. מיר שיינט אויך,

אז איך האב גאָר מעהר קיין טרערען ניט. און צו וואס טויגען די טרע־רען? מיר טהוט בלויז לייד, וואס איך פערביטער אויך אייער לעבען. ווייל אין גרונד גענומען, איבער וואס בעקלאָג איך מיך? איך האב געהאט פיעל פריינד כל־זמן אונזער אלטער פריינד האט געלעבט. קלאַווינגאָ'ס ליעבע האט מיר פערשאפט פיעל פרייד, פיעללייכט מעהר ווי איהם האט פערשאפט מיין ליעבע. און יעצט — וואס קען מען ווייטער טהון? וואס קימערט איהם אום מיר? אום א מיידעל, וועמעס הארץ איז צובראָכען? וואס אַרט עס איהם אויב דאס מיידעל עסט זיך אליין אויף און קוועהלט אוים איהר אָרעמעס יונגעס לעבען?

## בוענקאָ.

אום גאָטעס ווילען, מאַדמאַאזעל!

## מאַריע.

אויב דאס בלייבט איהם גלייך — אז ער ליעבט מיך ניט מעהר? אָך, פאר וואס בין איך ניט מעהר ליעבענסווירדיג? אבער בעדויערן, בעדויערן האט ער מיך ניט בעדארפט! אז די אָרעמע, פאר וועלכער ער האט זיך געמאכט אזוי נויטהווענדיג, מוז איצט אָהן איהם זיך אזוי אויסלאָזען — בעדויערן? ניין, איך וויל פון איהם ניט בעדויערט ווערען!

## סאָפיע.

אָך, ווען איך זאָל דיך קענען פעראַכטען דעם ניכטסווירדיגען, דעם, וואס פערדיענט צו ווערען פעראכטעט!

## מאַריע.

ניין, שוועסטער, ער איז ניט קיין ניכטסווירדיגער! און מוז איך דען פעראַכטען יענעם וועמען איך האס? — האסען? יא, מאַנכעמאָל קען איך איהם האסען, מאַנכעמאָל ווען דער שפּאַנישער גייסט קומט איבער מיר. מיט א קורצער צייט צוריק, ווען מיר האבען איהם בעגע־גענט, האט זיין אנבליק ארויסגערופען ביי מיר פולע, וואַרעמע ליעבע! און אזוי ווי איך בין ווידער אהיים געקומען און מיר איז אויפגעפאַ־לען זיין בענעהמונג, ווי אויך דער רוהיגער און קאַלטער בליק, וואס ער האט מיר צוגעוואָרפען ביי דער זייט פון דער גלענצענדער דאַננאַ;

דאן בין איך געווארען א שפאניערין אין מיין הארצען, געכאפט דעם קינזשאל, גענומען גיפט און מיך פערקליידעט. איהר שטוינט, בוענקא?

**סאפיע.**

נאריש מיידעל.

**מאריע.**

מיין איינבילדונגס קראפט האט מיך איהם נאכגעפיהרט, איך האב איהם געזעהען ביי די פיס פון זיין נייער געליעבטער, ווי ער פערשווענדעט דארט זיין גאנצע פריינדליכקייט, זיין ליעבליכקייט, מיט וועלכער ער האט מיך פערגיפטעט — איך האב געציעלט אין פעררעטהער׳ס הארצען! אך, בוענקא! — מיט איינמאל איז דאס גוטהערציגע פראנצויזישע מיידעל ווידער דא געוועז, א מיידעל, וואס קען ניט קיין ליעבעס־געטראנק און קיינע קינזשאלען פאר נקמה. מיר זיינען שולדיג אין דעם! — זאג, שוועסטער, וואס טהון זיי אין פראנקרייך, ווען די ליעבהאבער ווערען אונטריי?

**סאפיע.**

מען פערשעלט זיי.

**מאריע.**

און?

**סאפיע.**

און מען לאזט זיי לויפען.

**מאריע.**

לויפען? נו, און ווארום זאל איך קלאוויגא׳ן ניט לאזען לויפען? ווען דאס איז די מאדע אין פראנקרייך, פאר וואס זאל עס אויך ניט זיין אין שפאניען? פאר וואס זאל א פראנצויזקע אין שפאניען ניט זיין קיין פראנצויזקע? לאמיר איהם לאזען לויפען און זיך נעהמען אן אנדערן; מיר שיינט, אז ביי אונז טהוט מען אויך אזוי.

**בוענקא.**

ער האט געבראכען א הייליגעם פערשפרעכען; עס איז ניט געוועז קיין לייכטזיניגער ראמאן, קיין איינפאכע געזעלשאפטליכע

צוציהונג. מאַדמאָזעל, איהר זייט ביז אין טיעפסטען הארץ בעליידיגט און געקריינקט. מיר איז מיין לאַגע, אלס אונבעדייטענדער רוהיגער בירגער פון מאַדריד, איינפאַך אונערטרעגליך, וואס איך פיהל מיך ניט בכח אייך צו שאַפען גערעכטיגקייט געגען דעם פאַלשען הויפ־לינג.

מאַריע.

ווען ער איז נאָך געווען קלאַוויגאָ, ניט דעם קעניג׳ס ארכיוואר, ווען ער איז נאָך געווען פרעמד, נאָר וואס אריינגעפיהרט אין אונזער הויז, ווי ליעבענסווירדיג און ווי גוט ער איז געווען! זיין גאַנצע עהרגייציגקייט, זיין גאַנצעס שטרעבען, האט אויסגעזעהען צו זיין בלויז א קינד פון זיין ליעבע! פון מיינעטוועגען האט ער געקעמפּפט נאָך א ראַנג, נאָך א נאָמען, כבוד, גיטער; ער האט עס שוין, און איך?—

גילבערט (ערשיינט).

(בסוד זאָגט ער צו זיין פרוי:) דער ברודער קומט!

מאַריע.

דער ברודער! (זי ציטערט, מען פיהרט צו א שטוהל.) וואו? וואו? ברענגט מיר איהם! ברענגט מיר אַהין!

באָמאַרשיי (ערשיינט:)

מיינע שוועסטער! (אַבלאָזענדיג די עלטסטע, כאַפּט ער ארום די אינגסטע:) מיינע שוועסטער! מיינע פריינד! אַך, מיינע שווע־סטער!

מאַריע.

ביסטו דאָ? גאָט זיי דאַנק, וואס דו ביסט דאָ!

באָמאַרשיי.

לאָמיך קומען צו מיר!

מאַריע.

מיין הארץ, מיין אָרעם הארץ!

סאָפיע.

בערוהיג דיך, ליעבער ברודער, איך האָף דיך צו זעהען געלאָ־סענער.

באָמארשיי.

געלאָסענער! ביסטו דען געלאָסען? זעה איך דען ניט אָן דעם טרויעריגען פּנים פון דיין ליעבע, אָן דיינע פערוויינטע אויגען, אין דעם טויטען שטילשווייגען פון אייערע פריינד, אז איהר זייט פּונקט אזוי עלענד ווי איך האב מיר פאָרגעשטעלט דעם גאנצען וועג? און איך עלענדער — איך זעה אייך, איך האב אייך אין מיינע אָרעם, די געגענוואַרט פערדאָפּעלט מיינע געפיהלען, אך, מיין שוועסטער!

מאַריע.

און אונזער פאָטער?

באָמארשיי.

ער בענשט אייך און מיך, ווען איך וועל אייך ראטעווען.

בוענקאָ.

מיין הערר, ערלויבט אָן אונבעקאנטען, וועלכער דערקענט אין אייך דעם עדעלען און בראַווען מאַן ביים ערשטען בליק, אייך אויס־צודריקען זיינע געפיהלען, וואס ער שפּירט אין דיזער אנגעלעגענהייט. מיין הערר, איהר האט געמאַכט דיזע אונגעהייערע רייזע, אום צו ראטעווען אייער שוועסטער, זיך נוקם צו זיין. ווילקאָמען! זייט ווילקאָמען ווי אָן ענגעל, כאָטש איהר מאַכט אונז אַלע זיך צו שעהמען!

באָמארשיי.

איך האָף, מיין הערר, צו געפינען אין שפּאַניען אזעלכע הערצער, ווי איהר האט. דאס האט מיך בעגייסטערט צו מאַכען דעם שריט. אין קיין פּלאַטץ פון דער וועלט מאַנגעלט עס ניט אין סימפּאַטהייזער, אין ביישטימענדע נשמות. מיינע פריינדע, איך האב דאס האָפנונגס־פאָלע געפיהל, אז איבעראַל זיינען דאָ בראַווע מענשען צווישען די מעכטיגע און גרויסע, און דאס אויער פון דער מאַיעסטעט איז זעלטען טויב; אונזער שטימע איז בלויז אָפט צו שוואַך צו גרייכען ביז ארויף אהין.

### סאָפיע.

קום, שוועסטער, קום, לעג דיך אביסעל אניעדער. זי איז גאַנץ אויסער זיך. (מען פיהרט זי אוועק.)

### מאריע.

מיין ברודער!

### באָמארשיי.

גאָט זאָל העלפען, אז דו זאָלסט זיין אונשולדיג, און דאַן זאָל קומען די גאַנצע, גאַנצע נקמה איבער דעם פעררעטהער. (מאריע, סאָפיע, אָב.) מיין ברודער! מיינע פריינד! איך זעה עס אין אייערע בליקען, אז איהר זייט עס. לאָמיך מיך אביסעל ערהאָלען. דאַן וויל איך הערען א ריינע אינטערעסאַנטע ערצעהלונג פון דער גאַנצער גע־שיכטע. דאס זאָל בעשטימען וואס איך האב צו טהון. דאס געפיהל פון א גוטער זאַך זאָל בעפעסטיגען מיין ענטשלוס. און גלויבט מיר, אויב מיר האבען רעכט, וועלען מיר געפינען גערעכטיגקייט.



# צווייטער אקט

## קלאוויגאָ'ם הויז

קלאוויגאָ.

ווער קענען עס זיין די פראַנצויזען, וואס האבען זיך געלאָזען צו מיר מעלדען? — פראנצויזען? אמאָל איז מיר דיעזע נאַציאָן געוועזען ווילקאָמען. — און ווארום ניט יעצט? עס איז מערקווירדיג, אז א מענש, וואס שפּאַנט אריבער איבער אזוי פיעלע זאכען ווערט ערגעץ וואו אין א ווינקעל צוגעבונדען מיט צייהן־פעדים — אוועק! — בין איך דען געוועזען מאַריע'ן מעהר שולדיג ווי מיר זעלבסט? איז עס דען א פליכט מיך אונגליקליך צו מאַכען ווייל א מיידעל ליעבט מיך?

א בעדיענער.

די פרעמדע, מיין העררי.

קלאוויגאָ.

פיהר זיי אריין. האָסטו געזאָגט זייער בעדיענטען, אז איך ער־ווארטע זיי צו פריהשטיק?

בעדיענער.

ווי איהר האט געהייסען.

קלאוויגאָ.

באלד קום איך צוריק. (אָב.)

## באָמאַרשיי, סט. געאָרג.

(דער בעדיענטער גיט זיי שטוהלען און געהט אוועק.)

### באָמאַרשיי.

מיר איז אזוי גרינג! אזוי וואויל! און דאס אלעס איז, ווייל איך בין ענדליך דאָ, אז איך האב איהם ענדליך; ער זאָל זיך ניט ארויס־גליטשען פון מיר. זייט זאָר רוהיג; ווענינגסטענס זאָלט איהר איהם ווייזען אייער רוהיגקייט פון דרויסען. מיינע שוועסטער! מיינע שוועסטער! ווער וואָלט עס געגלויבט, אז דו ביסט אזוי אונשולדיג פונקט ווי דו ביסט אונגליקליך? אבער אלעס זאָל ארוים ווי בוימעל אויף וואסער און א שרעקליכע נקמה זאָל גענומען ווערען פאר דיר. און דו, גוטער גאָט, האלט אויף די רוהיגקייט פון מיין נשמה, אז איך זאָל קענען ארייגגעהען מיט איבערלעגונג אין דיעזען שמערץ און האנדלען אזוי קלוג ווי מעגליך.

### סט. געאָרג.

יא, מיין פריינד, קלוגהייט, דאס בענעטהיגט איהר אין דיעזען אויגענבליק. זאָגט מיר צו, נאָך אמאָל, אז איהר וועט איבערדענקען וואו איהר געפינט זיך. עס איז אין א פרעמדען קעניגרייך, וואו אלע אייערע בעשיטצער, וואו אייער גאנצעס געלד קען גאָר ניט טהון אייך צו פערזיכערען געגען די געהיימע מאשינען פון ניכטסווירדיגע שונאים.

### באָמאַרשיי.

זייט רוהיג. שפּיעלט נאָר אייער ראָלע גוט, ער זאָל ניט וויסען, מיט וועלכען פון אונז ביידע ער האט עס צו טהון. איך וועל איהם מאַטערן. אָה, איך בין גוט אויפגעלעגט, אום צו בראָטען דעם חברה־מאַן אויף א לאַנגזאַמען פייער.

### קלאַוויגאָ (ערשיינט).

עס פרייט מיך ביי מיר צו זעהען מענער פון א נאַציאָן, וואס איך האב אימער געשעטצט.

באַמארשיי.

מיין הערר, איך ווינש, אז מיר זאָלען פערדיענען די עהרע וואס איהר טהיילט צו אונזערע לאַנדסלייט.

סט. געאָרג.

דאס פערגניגען איך קענען צו לערנען, האט בעזיעגט אין אונז די זאָרג, אז מיר קענען איך זיין אביסעל איבערדריסיג.

קלאַוויגאָ.

פערזאָנען, ווען דער ערשטער אנבליק עמפפעהלט, זאָלען ניט טרייבען אזוי ווייט זייער בעשיידענהייט.

באַמארשיי.

געוויס דארף אייך ניט פרעמד זיין פון אונבעקאנטע בעזוכט צו ווערען. דורך דער פאָרטרעפליכקייט פון אייערע שריפטען איז אייער נאָמען בעקאנט אויך אין אויסלאנד; מען ווייס אויך, אז זיינע מאיעסטעט האט אייך אנפערטרויעט בעדייטענדע עמטער, אום אייך אויסצוצייכנען אין פאטערלאַנד.

קלאַוויגאָ.

דער קעניג האט פיעל גנאדע פאר מיינע קליינע ווירקונגען, און דאס פובליקום האט אויך צו פיעל פערעהרונג פאר די אונבעדייטענדע פראָבען פון מיין פעדער; איך ווינש מיר, אז הלואי קען איך פערגרע־סערען דעם געשמאק און מעהר בייטראָגען צו דער פערברייטונג פון וויסענשאפט אין מיין לאַנד. ווייל דאס זיינען די איינציגע מיטלען, וואס פערבינדען אונז מיט אנדערע נאציאָנען; זיי זיינען עס וואס מאכען די ווייטעסטע גייסטער פאר אונזערע פריינד און פערשטאר־קערען די פעראייניגונג מיט יענע, וועלכע זיינען לײדער אָבגעטהיילט געוואָרען דורך שטאאטס־פאָליטיק.

באַמארשיי.

עס איז א חיות צו הערען א מאַן אזוי רעדען, וועלכער האט א גלייכען איינפלוס אויפ'ן שטאאט און אויף די וויסענשאפטען. איך

מוז אויך מודה זיין, אז איהר האט מיר ארויסגענומען דאס וואָרט פון מויל און מיך גלייך ארויסגעפיהרט אויפ'ן וועג וועגען וואס איך בין טאקי אהער געקומען. א געזעלשאפט פון געלערענטע און ווירדיגע מענער, האט מיך בעאויפטראַגט, אז אויף יעדען אָרט, וואו איך וועל דורכרייזען און געפינען א געלעגענהייט, זאָל איך אָנקניפּען א בריעף־ וועקסעל צווישען זיי און די בעסטע קעפּ פון קעניגרייך. אזוי ווי קיין שפּאַניער שרייבט יעצט בעסער, ווי דער פּערפאַסער פון די בלעטער, וועלכער שרייבט אונטער'ן נאָמען „דער דענקער," דערפאר פרייט עס מיך, וואס איך האב די עהרע —

## קלאַוויגאָ.

(מאכט א טיעפע פערנייגונג.)

## בּאָמאַרשיי.

יא, און וועלכער איז א בעזונדערע ציערונג פון די געלערענטע, ווייל ער האט געוואוסט ווי אזוי, מיט זיין טאַלענט, צו דערגרייכען אזא גראד פון וועלט־חכמה; וועלכען עס קען גאָר ניט פעהלען, אום צו בעשטייגען די גלענצענדסטע שטופען, וואס זיינען ווירדיג פאר זיין כאראקטער און זיינע קענטניסע — איך גלויב, אז איך וועל פאר מיינע פריינדע קיין אנגענעהמערע זאך ניט טהון, ווי ווען איך וועל זיי פערבינדען מיט אזא מאַן, ווי איהר זייט.

## קלאַוויגאָ.

מיינע הערען, קיין פּאָרשלאַג אין דער וועלט, קען מיר זיין וויל־ קאָמענער. איך זעה, דורך דעם, ווי מיינע אנגענעהמסטע האָפנונגען ווערען ערפילט; האָפנונגען, מיט וועלכע מיין הארץ בעשעפטיגט זיך אָפט אָהן אויסזיכטען. עס איז ניט ווייל איך גלויב דורך דעם בריעף־וועקסעל צופריעדען צו שטעלען אייערע געלערענטע פריינד; אזוי ווייט געהט ניט מיין פוסטער שטאָלץ. אזוי ווי אבער איך האב דאס גליק צו שטעהען צוזאמען מיט די קליגסטע קעפּ פון שפּאַניען, אזוי ווי פאר מיר דאַרף ניט זיין פערבאָרגען וואס עס טהוט זיך אין אונזער לאַנד בנוגע וויסענשאפט און קונסט, האב איך מיך ביז יעצט בעטראַכט אלס א מין ביכער־פערקויפער אום דורך דעם בעקאָנט צו

מאַכען די ערפינדונגען פון אַנדערע. יעצט וועל איך אבער, דורך אייך, קענען ארויספיהרען אונזערע פּראָדוקטען און דאדורך בעריהמט מאַ־כען אונזער פאטערלאַנד, און דאַן דאס רייך מאַכען מיט פרעמדע אוצרות. דערפאר ערלויבט מיר, מיין הערר, אז איך זאָל אזא מאַן, וואס ברענגט מיר אזא שליחות, ניט בעהאַנדלען אלס א פרעמדען. ערלויבט מיר אייך צו פרעגען, וואס פאר א געשעפט איהר האט, און וואס עס האט אייך געפיהרט אויף דיעזען וועג. עס איז ניט דערפאר ווייל איך וויל בעפריעדיגען מיין נייגיערינקייט, ניין, גלויבט מיר, אז עס איז מיט דער ריינסטער אבזיכט און מיט אלע קרעפטען, יעדען איינפלוס וואס איך האב, פאר אייך צו פערווענדען, וועל איך געוויס פערווענדען. איך זאָג אייך פאָראויס, אז איהר זייט געקומען אויף אַן אָרט, וואו עס איז שווער פאר א פרעמדען, איבערהויפט אין הויף, דורכצופיהרען זיינע געשעפטען.

## באָמאַרשיי.

איך נעהם אָן אייער פריינדשאַפט מיט גרויסען דאַנק. מיין הערר, פאר אייך האב איך קיינע געהיימניסע, און דיעזער פריינד וועט ניט צו פיעל זיין ביי מיין ערצעהלונג. ער ווייס שוין גענוג פון דעם, וואס איך וועל אייך דערצעהלען.

## קלאַוויגאָ.

(בעטראַכט סט. געאָרג מיט אויפמערקזאמקייט.)

## באָמאַרשיי.

א פראנצויזישער קויפמאַן, וועלכער האט דורך זיינע פיעלע קינ־דער ניט בעזעסען קיין גרויסען פערמעגען, האט געהאַט פיעלע קאָר־רעספּאָנדענטען אין שפּאַניען. איינער פון די רייכסטע איז געקומען צוריק מיט פופצעהן יאהר קיין פאַריז און איהם געמאַכט אזא פאָר־שלאַג: „גיט מיר צוויי פון אייערע טעכטער, איך וועל זיי נעהמען קיין מאַדריד און זיי דאָרט פערזאָרגען. איך בין איינער אליין, שוין אין די יאהרען, האב קיין קרובים, און זיי וועלען זיין דאס גליק פון מיינע עלטערע יאָהרען. נאָך מיין טויט וועל איך זיי איבערלאָזען א גאַנץ פיינע ירושה.”

מען האט איהם פערטרויעט די עלטערע און איינע פון די אינ־גערע שוועסטער. דער פאָטער האט אונטערגענומען דעם קאָררעס־פאָנדענט'ס געשעפט צו בעזאָרגען מיט פראנצויזישער סחורה, וואס מען וועט פערלאַנגען, און אזוי איז אלעם גוט געגאַנגען ביז דער קאָר־רעספאָנדענט איז געשטאָרבען און זיך גאָר ניט דערמאָהנט אָן די פראַנצויזינען, וועלכע זיינען נאכהער געצוואונגען געוועזן אליין צו עפענען א געשעפט.

די עלטסטע האט דערווייל חתונה געהאַט, און ניט אכטענדיג אויף זייערע קליינע איינקינפטע, האבען זיי, דורך זייער גוטע אויפ־פיהרונג און אנגענעהמקייט פון זייער גייסט, זיך צוגעצויגען א גרויסע מאַסע פריינד, און דיעזע האבען זיך בעמיהעט זייער קרעדיט און מסחר אויסצובדייטען.

קלאַוויגאָ.
(ווערט אימער אויפמערקזאמער.)

באָמאַרשיי.
אונגעפעהר צו דיעזער צייט, וואס איך דערצעהל אייך, האט זיך געלאָזען א יונגער מאַן, וואס איז געקומען פון די קאַנארישע אינז־לען, זיך פאָרשטעלען אין הויז.

קלאַוויגאָ.
(פערלירט די גאַנצע מונטערקייט פון זיין געזיכט, און זיין ערנסט געהט איבער אין א פערלעגענהייט, וואס צייגט אלץ מעהר און מעהר ארויס.)

באָמאַרשיי.
ניט קוקענדיג אויף זיין קליינעם יחוס און קליינעס פערמעגען, האט מען איהם אויפגענומען גאַנץ פיין אין הויז. די פראוויענצימער, וואס האבען בעמערקט אין איהם א גרויסע נייגיעריגקייט צו דער פראַנצויזישער שפּראַך, האבען איהם געגעבען אלע מעגליכקייטען, ער זאָל, אין א קורצער צייט, זיך ערווערבען גרויסע קענטניסע.

פול מיט נייגיעריגקייט זיך צו מאַכען א נאָמען, איז איהם איינ־געפאַלען צו געבען דער שטאָדט מאדריד און זיין נאציאָן, דאס אונבע־קאַנטע פערגעניגען, צו פּובליצירען א וועכענטליכע צייטונג אויפ'ן

ענגלישען שטייגער. זיינע פריינדינען האבען איהם ארויסגעהאָלפען מיט אלעם מעגליכע; מען האט איהם אויך ערמונטערט און ער האט זיך געזעהען באַלד א מענש פון בעדייטונג. דאס אלעם האט איהם געגעבען דעם מוטה צו מאַכען דער אינגערער א הייראטהס - פאָרשלאַג.

מען האט איהם געגעבען האָפנונג: „זוכט צו עטאַבלירען אייער גליק," האט די עלטערע געזאָגט. און ווען איהר וועט קריעגען אַן אמט אין הויף, אדער אירגענד אַן אנדערען פאַסענדען ציעל דערגרייכען, וואס וועט אייך געבען דאס רעכט צו דענקען איבער מיין שוועסטער, און ווען זי וועט דאַן אייך פאָרציהען פאר אַנדערע יונגע לייט, וועל איך אייך אויך געבען מיין איינוויליגונג."

## קלאַוויגאָ.

(בעוועגט זיך אין גרויסער אויפרעגונג אויף זיין שטוהל.)

## באָמאַרשיי.

די אינגסטע האט צוריקגעוויעזען פערשיעדענע גוטע שידוכים; איהר נייגונג צום יונגען מאַן ווערט גרעסער און איהם געהאָלפען דערטראָגען די זאָרג פון אַן אונגעוויסער ערוואַרטונג; זי האט זיך אינטערעסירט מיט זיין גליק ווי פאר איהר אייגענעם און איהם ערמונטערט ארויסצוגעבען דאס ערשטע בלאַט פון זיין וואָכענשריפט, וואס איז ערשיענען אונטער א פיעל-פערשפּרעכענדען טיטול.

## קלאַוויגאָ.

(געפינט זיך אין דער גרעסטער פערלעגענהייט.)

## באָמאַרשיי (גאַנץ קאַלט:)

דאס בלאַט האט געמאַכט אַן ערשטוינענדען ערפאָלג; דער קעניג אליין איז געוואָרען אויסער זיך פאר פרייד איבער דיעזער ליעבענסווירדיגער ערשיינונג, און ער האט ארויסגעוויעזען עפענטליכע צייכען פון גנאדע צום פערפאַסער. מען האט איהם פערשפּראָכען דאס ערשטע בעדייטענדע אמט, וואס וועט נאָר פריי ווערען. פון דעם אויגענבליק אָן, האט ער פערטריעבען אלע יונגע לייט פון נעבען זיין געליעבטע און ער איז געבליעבען דער איינציגער, וואס האט זיך בעמיהט זי צו

געווינען. די הייראטה האט זיך נאָך פערצויגען דורך דער פערשפּראָכע־נער פערזאָרגונג. — ענדליך, נאָך זעקס יאָהר ווארטען, אונ־אונטער־בראָכענע פריינדשאַפט, היטץ און ליעבע פון מיידעל; נאָך זעקס יאהר איבערגעבענהייט, דאנקבארקייט, בעמיהונגען, הייליגע פערזיכערונ־גען פון דעם יונגען מאַן, איז ענדליך געקומען דאס אמט — און ער איז פערשוואונדען —

## קלאַוויגאָ.

(ער לאָזט ארויס א טיעפען זיפץ, וועלכען ער זוכט צו פערבאָרגען, און ער איז אויסער זיך.)

## באָמארשיי.

די געשיכטע האט ארויסגערופען צו פיעל אויפמערקזאמקייט און מען האט דאס מעהר ניט געקענט גלייכגילטיג בעטראַכטען. מען האט געדונגען א הויז פאר צוויי פאמיליען. די גאַנצע שטאָדט האט דערפון גערעדט. אלע פרעמדע זיינען שרעקליך אויפגעבראַכט געוואָרען און געזוכט נקמה. מען האט זיך געווענדעט צו זיינע מעכטיגע בעלי־טובה; אבער דער לומפּ, וועלכער איז שוין איינגעפיהרט געוואָרען אין צערע־מאָניען און פּאָליטיק פון הויף, האט געוואוסט ווי צו צושטערען אלע בעמיהונגען, און ער געהט מיט זיין פרעכהייט אזוי ווייט, אז ער וואגט צו סטראַשען די אונגליקליכע, ווי אויך צו זאָגען צו איהרע פריינד: „זאָלען די פראַנצויזקעס בעסער אכטונג געבען וואס זיי טהון.” ער פאָדערט זיי אויף איהם צו שאדען אויב זיי קענען. דאַן זאָגט ער, אויב זיי וועלען זיך אונטערשטעהען עפּעס צו טהון געגען איהם, וועט עס פאר איהם זיין זעהר גרינג, וועט ער זיי, דאָ, אין אַ פרעמדען לאַנד, רואינירען, ווייל זיי זיינען אָהן שיטץ און אָהן הילף.

ווען דאס אָרעמע מיידעל האט דאס דערהערט, איז זי אריינגע־פאַלען אין קאָנוואולסיאָנען און זי האט געהאַלטען ביים שטארבען. אין דער טיעפקייט פון איהר שמערץ האט די עלטסטע געשריעבען קיין פראַנקרייך איבער דער עפענטליכער בעליידיגונג, וואס זיי מוזען אויסשטעהען. די נאַכריכט האט שרעקליך אויפגערעגט זייער ברודער. ער איז אוועקגעפאָהרען אום אליין צו זיין דערביי און זעהען שאפען אָרדנונג, ראטה און הילף; ער איז אוועק פון פאריז קיין מאדריד,

דאס הייסט דער ברודער — בין איך! וועלכער האט אלעס פערלאָזען, פאטערלאנד, פליכטען, פאמיליע, שטאנד, פערגניגען, אום, אין שפּאַניען, זיך נוקם צו זיין פאר אן אונשולדיגע און אונגליקליכע שוועסטער.

איך קום בעוואפענט מיט די בעסטע מאָטיווען און מיט דער גאנצער ענטשלאָסענהייט, ארונטערצורייסען די מאסקע פון א פעררעטהער, מיט בלוטיגע סמנים אויסצוצייכענען זיין נשמה אויף זיין געזיכט, און דער פעררעטהער — ביסטו!

קלאוויגאָ.

הערט מיך אוים, מיין הערר — איך בין — איך האב — איך צווייפעל ניט —

באָמארשיי.

אונטערברעכט מיך ניט. איהר האט מיר גאָר ניט וואס צו זאָגען, דערפאר אבער האט איהר פון מיר פיעל צו הערען.

יעצט, אום צו מאכען אן אָנפאנג, וועט איהר אזוי גוט זיין, פאר דיעזען העררן, וועלכער איז געקומען ספּעציעל פון פראנקרייך, צו ערקלערען, אויב מיין שוועסטער האט, דורך אירגענד א טריילאָזיגקייט, לייכטזינן, שוואכהייט, אונאנשטענדיגקייט אדער סאי־וואס פאר אן אנדערן חסרון, פערדייענט דיעזע עפּענטליכע בעליידיגונג.

קלאוויגאָ.

ניין, מיין הערר, אייער שוועסטער, דאָננא מאריא, איז א פרוי־ענצימער פון פיעל גייסט, ליעבענסווירדיגקייט און טוגענד.

באָמארשיי.

האט זי אייך אמאָל, מיט איהר אומגאנג, געגעבען א געלעגענהייט זיך איבער איהר צו בעקלאָגען, אדער זי וועניגער אכטען ווי איהר האט זי געאכטעט?

קלאוויגאָ.

ניין, קיינמאָל ניט!

באָמארשיי (שטעהט אויף:)

און ווארום, לומפּ, האסטו געהאט די רציחה אין דיר, דאס מיי־

דעל אזוי צו קוועהלען? איז עס דערפאַר, ווייל איהר הארץ האט דיך פאַרגעצויגען פאר צעהן אַנדערע, פון וועלכע יעדער איינער איז געוועזען אנשטענדיגער ווי דו.

קלאַוויגאָ.

אַך, מיין הערר! ווען איהר זאָלט וויסען ווי איך בין פערפיהרט, ווי מאַנכע יועצים און אומשטענדען —

באָמאַרשיי.

גענוג! (צו סט. געאָרג:) איהר האט געהערט די רעכטפערטיגונג פון מיין שוועסטער; געהט און פערברייטעט עס. וואס איך האב ווייטער צו זאָגען דיעזען העררן, דאַרף ניט זיין קיין עדות.

קלאַוויגאָ.

(שטעהט אויף. סט. געאָרג געהט.)

באָמאַרשיי.

בלייבט נאָך! בלייבט נאָך! (ביידע זעטצען זיך וויעדער.) אזוי ווי מיר זיינען שוין אזוי ווייט, וועל איך אייך מאַכען א פאָרשלאַג, וועלכען איהר וועט האָפענטליך אָננעהמען.

עס לוינט זיך פאר אייך און פאר מיר, אז איהר זאָלט מאַריע׳ן ניט הייראַטהען. איהר דאַרפט עס אויך פערשטעהען און פיהלען, אז איך בין ניט געקומען צו שפיעלען דעם קאָמעדיען־ברודער, ענטוויקלען דעם ראָמאַן און שאַפען א מאַן פאר זיין שוועסטער. איהר האט, קאַלט־בלוטיגט, בעשימפפט אן עהרליכעס מיידעל, ווייל איהר האט גע־גלויבט, אז אין א פרעמדען לאַנד, איז זי אָהן הילף און אָהן א בעל־נקמה. אזוי האַנדעלט א ניעדערטרעכטיגער, א לומפּ. דערפאר זאָלט איהר אליין ערקלערען מיט אייער האנד, פייגלינג, ביי אָפענע טהירען, אין דער געגענוואַרט פון אייערע דיענער, אז איהר זייט אַן אבשייליכער מענש, וועלכער האט מיין שוועסטער בעטראָגען, פערראַטהען, זי אָהן דער מינדעסטער אורזאַכע ערניעדריגט; און מיט דיעזער ער־קלערונג וועל איך געהען נאָך אראַנכועז, וואו אונזער געזאַנדטער גע־פינט זיך, איהם דאס וויזען, דאס דרוקען לאָזען, און איבערמאָרגען וועט דער הויף און די שטאָדט זיין פול דערמיט. איך האב דאָ מעכ־

טינע פריינד, איך האב צייט און געלד, און דאס אלעס וועל איך אנ־
ווענדען אום אייך אויפ׳ן גרויזאמסטען אופן צו פערפאלגען, ביז דער
צארן פון מיין שוועסטער וועט קלענער ווערען, ביז זי איז צופריעדען
און זי אליין וועט מיר זאגען, אז עס איז שוין גענוג.

קלאוויגא.

אזא ערקלערונג וועל איך ניט מאכען.

באמארשיי.

דאס גלויב איך, ווייל איך וואלט אין אייער שטעלע אויך אזוי געטהון. פון דעסטוועגען, הערט, אויב איהר שרייבט ניט, דאן בלייב איך מיט אייך פון דיעזען אויגענבליק, איך וועל אייך ניט פערלאזען, איך וועל אייך נאכפאלגען איבעראל, ביז אייך וועט אזוי נמאס ווערען אזא געזעלשאפט, אז איהר וועט זוכען אליין דעם טויט. ווען איך וועל אבער זיין גליקליכער ווי איהר, ניט זעהענדיג דעם געזאנדטען, ניט צו רעדען מיט קיין מענשען, דאן וועל איך נעהמען מיין שטערבענדע שוועסטער אין מיינע ארעמס, זי ארויפלעגען אויף א וואגען און מיט איהר צוריקקעהרען קיין פראנקרייך. זאל דאס שיקזאל אויך זיין גליק־ליך, דאן האב איך מיינעם געטהאן און איהר וועט דאן לאכען אויף מיינע הוצאות. דערוויל דער פריהשטיק!

(באמארשיי קלינגעלט אן. א דיענער ברענגט אריין שאקאלאדע. באמארשיי נעהמט זיין טאסע און שפאצירט דערמיט איבער דער גאלעריע, בעטראכטענדיג די בילדער.)

קלאוויגא.

לופט! לופט! — איך בין איבערראשט און געפאקט געווארען ווי א אינגעל — וואו ביסטו קלאוויגא? ווי ווערסטו דאס ענדיגען? — דאס איז א שרעקליכער צושטאנד, אין וועלכען דיין דומהייט, דיין פעררעטהעריי האט דיך אריינגעשליידערט! (ער נעהמט דאס שווערט פון טיש.) אך! קורץ און גוט! — (לאזט דאס ליגען.) און דא איז ניטא קיין וועג, קיין מיטעל, אויסער דער טויט — אדער מארד? אבשייליכער מארד! — צו בערויבען דאס אונגליקליכע מיידעל פון איהר לעצטען טרייסט, פון איהר איינציגען שטיטצער, פון איהר ברור־

דער! — צו זעהען דאס בלוט פון דעם עדעלען און בראווען מענשען? — און אזוי מיך אנצולאדען מיט דעם דאפעלען פלוך פון א פערניכטע־טער פאמיליע! — אך, דאס איז ניט געווען די אויסזיכט, ווען די ליעבענסווירדיגע בריאה האט דיך, אין דער ערשטער צייט, צוגעצויגען מיט איהר היץ! און ווען דו האסט זי פערלאזען, האסטו ניט געזעהען די שרעקליכע רעזולטאטען פון דער שאנדטהאט! — וואס פאר א גליק דיך האט ערווארטעט אין איהרע ארעמס! אין דער פריינדשאפט פון אזא ברודער! — מאריע! מאריע! אך, ווען דו זאלסט נאר קענען מוחל זיין! אז איך זאל דאס אלעס קענען אויסוויינען ביי דיינע פיס. — און ווארום ניט? מיין הארץ איז איבערפילט, מיין נשמה שטיינט אין האפנונג. — מיין הערר!

באמארשיי.

וואס האט איהר בעשלאסען?

קלאוויגא.

הערט מיך אויס! מיין אויפפיהרונג געגען אייער שוועסטער איז ניט צום ענטשולדיגען. דער נאררישער שטאלץ האט מיך פערפיהרט. איך האב מורא געהאט, אז מיינע פלענער און מיינע אויסזיכטען אויף א בעריהמטעם לעבען וועלען קאליע ווערען דורך א הייראטה. ווען איך וואלט געוואוסט, אז זי האט אזא ברודער, וואלט זי, אין מיינע אויגען, ניט געווען קיין אונבעדייטענדע פרעמדע. איך וואלט מיך גע־שעטצט גליקליך מיט אזא יחוס. מיין הערר, איהר רופט ביי מיר ארויס די גרעסטע אכטונג צו אייך. און אזוי ווי איהר האט מיר, אויף אזא אופן, געלאזט פיהלען מיין אונרעכט, זאלט איהר אין מיר איינ־פליעסען א ווילען, א קראפט, דאס אלעס ווידער גוט צו מאכען. איך ווארף מיך צו אייערע פיס, העלפט מיר! העלפט, ווען עס איז מעגליך, מיינע שולד צו פערטיליגען און ענדיגען דאס אונגליק. מיין הערר, גיט מיר ווידער אייער שוועסטער, גיט זי מיר ווידער! ווי גליקליך איך וועל זיין פון אייער האנד צו עמפפאנגען א פרוי און א פערגע־בונג פאר מיינע פעהלער.

באמארשיי.

עס איז צו שפעט! מיין שוועסטער ליעבט אייך ניט מעהר, און

איך האָס אייך. שרייבט אוים די פערלאַנגטע ערקלערונג, דאס איז אלעס, וואס איך פאָדער פון אייך, און לאָזט מיר איבער אכטונג צו געבען אויף מיין אויסגעקליעבענער נקמה.

קלאַוויגאָ.

אייער האַרטנעקיגקייט איז ניט גערעכט און אויך ניט קלוג. איך בין מודה, אז עס האַנדעלט זיך ניט אום מיר, אויב איך וועל ווידער קענען גוט מאַכען אזא שלעכטע זאך אדער ניט. — וועל איך אלעס ווידער קענען פערריכטען? דאס היינגט אָב פון דעם הארצען פון אייער עדעלע שוועסטער, אויב זי וויל אזוינעם ווי איך ווידער זעהען, וועלכער פערדיענט ניט צו זעהען דאס ליכט פון טאָג. פון דעסטוועגען, מיין הערר, איז עס אייער פליכט, דאס צו פּרובירען און צו האַנדלען לויט דעם. ווען דאָנאַ מאַריאַ וועט מעהר ניט זיין צום בעוועגען — אך, איך קען איהר גוטעם הארץ, איהר הימלישע זעלע שוועבט פאר מיר! ווען זי וועט זיך ניט וועלען איבערבעטען, דאן איז עס צייט צו האַנדלען ווי איהר ווילט.

באָמאַרשיי.

איך בעשטעה אויף דיעזער ערקלערונג.

קלאַוויגאָ.

(צוגעהענדיג צום טיש:) און ווען איך זאָל מיך נעהמען צום שווערט?

באָמאַרשיי (געהענדיג:)

גוט, מיין הערר! שעהן, מיין הערר!

קלאַוויגאָ.

(איהם צוריקהאַלטענדיג.) נאָך איין וואָרט: איהר האָט אויף אייער זייט די גערעכטיגקייט, לאָזט מיך האבען שכל פאר אייך. בע־דענקט וואס איהר טהוט. אויףביידע פעלע זיינען מיר אלע פערלוי־רענע. וואָלט איך ניט בעדאַרפט פאר שמערץ און צרות אונטערגעהען, ווען אייער בלוט זאָל פאַרבען מיין שווערט? ווען איך זאָל מאַריע'ן, איבער איהר אונגליק, אויך אוועקרויבען איהר ברודער, און דאן —

דער מערדער פון קלאַוויגאָ וועט ניט קענען צוריקקעהרען איבער די פירענעען.

באָמאַרשיי.

די ערקלערונג, מיין העדר, די ערקלערונג!

קלאַוויגאָ.

דאַן זאָל עס זיין אזוי. איך וועל אַלעס מעגליכע טהון, אום אייך צו איבערציייגען פון דעם ריכטיגען געפיהל, וואס אייער געגענוואַרט האט ביי מיר ארויסגערופען. פערשפּרעכט מיר נאָר ניט פריהער צו מאַכען געברויך דערפון, ביז איך וועל זיין אימשטאַנדע צו איבערציייגען דאָננאַ מאַריאַ איבער מיין געענדערטעם הארץ פול מיט חרטה; ביז איך וועל האבען גערעדט מיט דער עלטעסטער, וועלכע זאָל פאַר מיר איבערגעבען דאס גוטע פאָרוואָרט צו מיין געליעבטער. אָט אזוי לאַנג, מיין העדר.

באָמאַרשיי.

איך געה נאָך אראַנכועץ.

קלאַוויגאָ.

גוט אַלזאָ ביז איהר וועט צוריק קומען, אזוי לאַנג בלייבט די ערקלערונג אין אייער בריעף־טאַשע; וועז איך וועל ניט קריעגען קיין פערגעבונג, דאַן זאָלט איהר טהון מיט אייער נקמה וואס איהר ווילט. דיעזער פאָרשלאַג איז גערעכט, אנשטענדיג, קלוג, און ווען איהר ווילט ניט, דאַן זאָל זיך עס האנדלען צווישען אונזביידע אום לעבען און טויט. דער קרבן פון איבעראיילונג, וועט אבער זיין איהר און אייער אָרעמע שוועסטער.

באָמאַרשיי.

עס פאַסט אייך גאַנץ פיין צו בעדויערן יענע, וועלכע איהר האט אונגליקליך געמאַכט.

קלאַוויגאָ (זיך זעטצענדיג:)

זייט איהר דערמיט צופריעדען?

באָמאַרשיי.

גוט, איך גיב נאָך. אבער קיין אויגענבליק לענגער. איך וועל קור־מען פון אראנכועץ, איך וועל פרעגען און הערען. און ווען מען וועט אייך ניט האבען מוחל געווען, ווי איך האָף, ווי איך ווינש עס מיר, דאן געה איך גלייך מיט דעם צעטעל אין דער דרוקעריי.

קלאַוויגאַ (נעהמט פאפיר:)

ווי פערלאנגט איהר דאס?

באָמאַרשיי.

מיין הערר, אין דער געגענוואַרט פון אייערע דיענער.

קלאַוויגאַ.

צו וואס?

באָמאַרשיי.

הייסט נאָר, זיי זאָלען אריינקומען אין דער דערבייאיגע גאלע־ריע. מען זאָל ניט זאָגען, אז איך האב אייך געצוואונגען.

קלאַוויגאַ.

וואס פאר א פאָרזיכטיגקייט!

באָמאַרשיי.

איך בין אין שפאניען און איך האב צו טהון מיט אייך.

קלאַוויגאַ.

מילא, פארפאלען. (קלינגעלט. א בעדיענטער ערשיינט.) רופט צוזאמען מיינע לייט און געהט אריין אין דער דערבייאיגער גאלעריע.

(דער בעדיענטער געהט, די איבריגע קומען און זעטצען זיך אוועק.)

קלאַוויגאַ.

איהר וועט מיך אליין לאָזען שרייבען די ערקלערונג.

באָמאַרשיי.

ניין, מיין הערר. שרייבט, אבער דאס וואס איך וועל זאָגען.

קלאַוויגאָ.

(שרייבט.)

באָמאַרשיי.

איך, אונטערצייכענטער, יאָזעף קלאַוויגאָ, ארכיוואר פון קעניג—

קלאַוויגאָ.

פון קעניג.

באָמאַרשיי.

בין מודה, דאס נאָכדעם איך בין אין הויף פון מאַדאַם גילבערט פריינדליך אויפגענומען געוואָרען —

קלאַוויגאָ.

געוואָרען.

באָמאַרשיי.

האב איך דער מאַדמאָזעל דע באָמאַרשיי, איהר שוועסטער, דורך הונדערטפאַכיגע, וויעדערהאָלטע הייראַטהס-פערשפּרעכען בעטראָגען. — האט איהר אזוי געשריעבען?

קלאַוויגאָ.

מיין הערר!

באָמאַרשיי.

האט איהר עפּעס אַן אנדער וואָרט דערפאר?

קלאַוויגאָ.

איך האב געדאַכט —

באָמאַרשיי.

בעטראָגען. וואס איהר האט געטהאָן, קענט איהר נאָך דערנאָך צושרייבען. — איך האב זי פערלאָזען, און דאס איז געשעהען אָהן א שום פעהלער אדער שוואכקייט פון איהר זייט, וואס זאָל מיר געבען אַן אויסרייד צו ברעכען מיינע שבועות.

קלאַוויגאָ.

נו?

באָמאַרשיי.

פערקעהרט, איהר אויפפיהרונג איז תמיד געווען ריין, פעהלער־פריי און ווירדיג יעדע עהרע און אכטונג.

קלאַוויגאָ.

עהרע און אכטונג.

באָמאַרשיי.

איך בין מודה, אז איך האב דורך מיין אויפפיהרונג, לייכטזינן פון מיינע ווערטער, עפענטליך ערניעדריגט דיעזע טוגענדהאפטע פרויענצימער; פאר וועלכען איך בעט זי אום פערצייהונג, נאָטש איך האלט מיך ניט פאר ווערטה דאס צו בעקומען.

קלאַוויגאָ.

(בלייבט שטעהען.)

באָמאַרשיי.

שרייבט! שרייבט! — און אָט דיעזע צייגענשאפט לעג איך אָב פון פרייען ווילען און ניט געצוואונגען, מיט דעם פערשפרעכען, ווען דיעזע סאַטיספאַקציאָן זאָל ניט צופריעדען שטעלען די בעליידיגטע, בין איך בערייט זי צו געבען אויף פערשיעדענע אנדערע אופנים. מאַדריד.

קלאַוויגאָ.

(שטעהט אויף, ווינקט צו די בעדיענטע אוועקצוגעהען, און ער דערלאַנגט דאס פאַפיר:) איך האב צו טהון מיט א בעליידיגטען, אבער אויך מיט אַן עדעלען מענשען. איהר זאָלט האַלטען אייער וואָרט און אָבלעגען אייער ראַכע. מיט דיעזער האַפנונג האב איך געשריעבען דיעזעס בעליידיגענדע פאַפיר, צו וועלכען קיין אנדערע זאך וואָלט מיך ניט בעוואויגען. אבער איידער איך וועל וואגען צו ערשיינען פאַר דאָנאַ מאַריאַ, האב איך בעשלאָסען יעמאַנדען צו געבען דעם אויפטראג, פאַר מיר ביי איהר צו רעדען, — און דיעזער מענש זייט איהר.

באָמאַרשיי.

בילדעט זיך דאס ניט איין.

קלאַוויגאָ.

וועניגסטענס זאָלט איהר איהר איבערגעבען מיין ביטערע, הערצ־ליכע חרטה, וואס איהר האט ביי מיר געזעהען. דאס איז אלעס, אלעס אום וואס איך בעט אייך. איהר זאָלט מיר דאס ניט אָבזאָגען. דער־צעהלט איהר ווי איהר האט מיך געפונען.

באָמאַרשיי.

גוט, דאס קען איך, דאס וויל איך, און — אדיע!

קלאַוויגאָ.

אדיע! (ער וויל נעהמען זיין האנד, אבער באָמארשיי האלט זיינע צוריק.)

קלאַוויגאָ (אליין:)

אזוי אונערוואַרטעט פון איין צושטאַנד אין צווייטען. מען טור־מעלט, מען חלום׳ט! — דיעזע ערקלערונג — איך האב זי ניט בע־דארפט געבען. — עס איז אבער געקומען אזוי שנעל, אזוי אונערוואר־טעט, ווי א דונער־וועטער.

קאַרלאָס (ערשיינט:)

וואס פאר א בעזוך האָסטו געהאט? דאס גאַנצע הויז איז צו־רודערט. וואס איז נייעס?

קלאַוויגאָ.

מאַריע׳ס ברודער.

קאַרלאָס.

איך האב עס מיר געמערקט. דער הינטישער אלטער דיענער, וועלכער איז אמאָל געוועזן ביי גילבערט׳ן און איצט ביי מיר, ווייס עס נאָך זייט געסטערן, אז מען האט איהם ערוואַרטעט, און ער האט עס מיר ערשט יעצט אָנגעזאָגט. איז ער דאָ געוועזן?

קלאַוויגאָ.

א פּאַרטרעפליכער יונג.

קאַרלאָס.

מיר וועלען באלד לויז ווערען פון איהם. איך האב שוין אריעבער־

געשפּאַנט דעם וועג! — וואס איז דען געוועזן? אפשר אן ארויספאָדערונג אויף א דועל? אן עהרען־ערקלערונג? איז דער חברה־מאַן געוועזן שטארק צוהיטצט?

קלאַוויגאָ.

ער האט פערלאַנגט אן ערקלערונג, אז זיין שוועסטער האט מיר ניט געגעבען קיין געלעגענהייט צו א פערענדערונג.

קאַרלאָס.

און דו, האָסטו זי אויסגעשטעלט?

קלאַוויגאָ.

איך האב עס געהאַלטען פאר'ן בעסטען.

קאַרלאָס.

גוט, זעהר גוט, איז אויסער דעם גאָר ניט פאָרגעקומען?

קלאַוויגאָ.

ער האט געפאָדערט אדער א דועל, אדער די ערקלערונג.

קאַרלאָס.

דאס לעצטע איז נאָך געוועזן דאס קליגסטע. ווער וועט עס איינשטעלען זיין לעבען געגען אזא ראָמאַנטישען חברה־מאַן? און האט ער דאס פּאַפּיר געקריעגען מיט געוואַלט?

קלאַוויגאָ.

ער האט עס מיר דיקטירט, און איך האב געמוזט ארייננרופען די דיענער אין דער גאַלעריע.

קאַרלאָס.

איך פערשטעה! אָך, יעצט האב איך דיך, מיין הערר! דאס וועט איהם ברעכען דעם האלז! רוף מיך א שופט, ווען איך וועל דעם בחור ניט האבען אין צוויי טעג אין געפענגניס, און מיט'ן נעכסטען טראַנספּאָרט וועט ער אוועקגעשיקט ווערען קיין אינדיען.

קלאַוויגאָ.

ניין, קאַרלאָס, די זאַך שטעהט אַנדערש ווי דו דענקסט.

קאַרלאָס.

וואָס מיינסטו?

קלאַוויגאָ.

איך האָף, דורך זיין פערמיטלונג, דורך מיין ערנסטעס שטרעבען צו קריעגען פערציייהונג פון דער אונגליקליכער.

קאַרלאָס.

קלאַווינאָ!

קלאַוויגאָ.

איך האָף צו פערטיליגען דאָס פערגאַנגענע, דאָס צובראָכענע וויעדער גאַנץ צו מאַכען, און דאַן, אין מיינע אויגען און אין די אויגען פון דער וועלט, וויעדער הייסען אַן ערליכער מאַן.

קאַרלאָס.

צום טייוועל, וואָס ביסטו, אַ קינד ביסטו? מען זאָגט דאָך דיר, אַז דו ביסט אַ געלערענטער. — זיך צו לאָזען אַזוי אָבנאַרען! זעהסטו ניט, אַז דאָס איז אַן אויסגעלעגטער פּלאַן דיך אריינצוכאַפּען אין אַ נעטץ?

קלאַוויגאָ.

ניין, קאַרלאָס, ער וויל ניט, איך זאָל מיט איהר חתונה האָבען; זיי זיינען דאַגעגען, זי אליין וויל אויך פון מיר ניט הערען.

קאַרלאָס.

דאָס איז אַן אָנשטעל. ניין, גוטער פריינד, האָב מיר קיין פאַראיבעל ניט, איך האָב אָפט געזעהען אין קאָמעדיעס, ווי מען פערנאַרט אַזוי אַ דאָרפס־מאַן.

קלאַוויגאָ.

דו בעליידיגסט מיך. איך בעט דיך, בעהאַלט בעסער דיין הומאָר צו מיין חתונה. איך בין ענטשלאָסען צו הייראַטהען מאַריע׳ן, פריי־

וויליג, אוים אייגענעם וואונש. מיין גאנצע האפנונג, מיין גאנצעם גליק רוהט אויף דעם איינציגען געדאנק צו ערהאלטען איהר פערגיבונג. און דאן וועל איך זיין גליקליך! ביי דער ברוסט פון יענער ליעבע ליעגט נאך אימער דער הימעל פון אמאל; דעם גאנצען רוהם, וואס איך וועל ערווערבען, צו אלע גרויסקייטען, וואס איך וועל דערהויבען ווע־רען, וועט עס מיך אויספיללען מיט א דאפעלטעם געפיהל; ווייל דאס מיידעל וועט עס טהיילען מיט מיר, וועלכע וועט מיך האבען געמאכט צום דאפעלטען מענשען. לעב וואהל! איך מוז געהען אהין! איך מוז וועניגסטענס רעדען מיט די גילבערטס.

קארלאס.

ווארט כאטש ביז נאך'ן עסען.

קלאוויגא.

קיין אויגענבליק! (אב.)

קארלאס.

(איהם נאכקוקענדיג און שווייגענדיג א ווילע.) איצטער וועט ווידער עמיצער מאכען א דומען שריט.

(אב.)



# דריטער אקט

## גילבערט'ס וואוינונג

סאָפיע גילבערט, מאַריע באָמאַרשיי.

מאַריע.

דו האָסט איהם געזעהען? מיר ציטערן אלע גליעדער! דו האָסט איהם געזעהען? איך האב שיעור גע'חלש'ט, ווען איך האב געהערט, אז ער קומט, און דו האָסט איהם געזעהען? ניין, איך קען ניט, איך וועל איהם מעהר ניט זעהען.

סאָפיע.

איך בין געוועזן אויסער מיר, ווען ער איז אריינגעקומען. ווייל, אך! האב איך איהם דען ניט געליעבט, ווי דו, מיט פולסטען שוועס־טערליכען ליעבע? האט מיך ניט זיין דערוויטערונג געקריינקט, גע־מאַרטערט? — און יעצט, דעם צוריקגעקעהרטען, דעם בעל־חרטה, צו זעהען נעבען מיינע פיס! שוועסטער, עס ליעגט עפּעס אזוי בע־צויבערענדעס אין זיין בליק, אין דעם טאָן פון זיין שטימע, ער —

מאַריע.

ניעמאַלס, קיינמאָל ניט!

סאָפיע.

ער איז נאָך אלץ דער אלטער, ער האט נאָך אלץ דאס גוטע, זאנפ־טע, פיהלענדע הארץ, נאָך אימער די העפטיגקייט פון דער ליידענ־שאַפט. עס איז טאַקי דער וואונש געליעבט צו ווערין און דערביי דאס

ערוואַרטענדע געפיהל, ווייל עס ווערט איהם ענטזאָגט די נייגונג. אַלעס, אַלעס! און פון דיר רעדט ער, מאַריע, ווי אין יענע גליקליכע טעג פון זיין פייערדיגער ליידענשאַפט! עס איז גלייך ווי דיין גוטער גייסט אַליין וואָלט געפיהרט צו דיעזען צווישענרוים פון אונטרייהייט און דערוויטערונג, אום צו אונטערברעכען די בעקאַנטשאַפט אויף א ווייל, כדי זי נאָכהער אויפצופרישען מיט נאָך מעהר לעבהאַפטיג־קייט.

מאַריע.

רעדסטו איצטער פאַר איהם?

סאָפיע.

ניין, שוועסטער; איך האָב עס איהם אויך ניט פערשפּראָכען. אָבער, מיין בעסטע, איך זעה די זאַכען ווי זיי זיינען. דו און דער ברו־דער זעהט זיי אין א ראָמאַנטישעם ליכט. דו האָסט דיעזע ערפאַהרונג ווי פיעלע אַנדערע גוטע מיידלעך, מיינענדיג, אז דיין ליעבהאָבער איז דיר מעהר ניט מריי און דיך פערלאָזען. און ווען ער קומט ווידער, פול חרטה, אום צו פערבעסערען זיינע פעהלער, אַלע אַלטע האָפנונגען אויפצופרישען — דאס איז א גליק, וואס קיין אַנדערע וואָלט עס פון זיך ניט פערשטויסען.

מאַריע.

מיין האַרץ וועט צוריסען ווערען!

סאָפיע.

איך גלויב דיר. דער ערשטער אויגענבליק וועט אויף דיר מאַכען א ריהרענדע ווירקונג — און דאַן, מיין ליעבע, זאָלסטו ניט האַלטען דיעזע שמערצען, דיעזע פערלעגענהייט, וואס בעהערשען אַלע דיינע חושים, פאַר א ווירקונג פון האַס, פאַר א ווידערווילען. דיין האַרץ רעדט מעהר פאַר איהם ווי דו גלויבסט, און טאַקי דערפאַר געטרויעסטו דיר ניט איהם ווידער צו זעהען, ווייל דו האָסט דיר אזוי שטאַרק געוואונשען, ער זאָל צוריק קומען.

מאַריע.

זיי בּאַרמהערציג.

סאַפּיע.

דו זאָלסט זיין גליקליך. ווען איך וואָלט געפיהלט, אז דו פערד אכטעסט איהם, אז ער איז דיר גלייכגילטיג, דאן וואָלט איך וױיטער ניט גערעדט קיין וואָרט, דאן וואָלט ער מעהר ניט בעדארפט זעהען מיין פּנים. אבער אזוי, מיין ליעבע — דו וועסט מיר דאנקען, אז איך האב דיר געהאָלפען דיעזע שמערצפאָלע אונבעשטימטהייט איבערצוד קומען, וועלכע איז א צייכען פון איניגסטער ליעבע.

גילבערט, בוענקאָ.

סאַפּיע.

קומט אהער, בוענקאָ, גילבערט, קומט אהער. העלפט מיר דיעזער קליינער אריינצורעדען מוטה און ענטשלאָסענהייט יעצט, ווען זי דארף עס.

בוענקאָ.

איך וואָלט וועלען זאָגען, אויב איך מעג: נעהמט איהם ניט ווידער אויף!

סאַפּיע.

בוענקאָ!

בוענקאָ.

מיין הארץ ציטערט אין מיר ביים געדאנק: ער זאָל דיעזען ענגעל ניט בעזיטצען, וועלכע ער האט אזוי שענדליך בעליידיגט, וועלכע ער האט געשלעפּט ביז צום קבר. און בעזיטצען? ווארום? מיט וואס מאַכט ער ווידער אלעס גוט, וואס ער האט פערדאָרבען? ער קומט פשוט צוריק און זאָגט: „יעצט וויל איך דיך, יעצט פערלאנג איך דיך.” עס איז פונקט גראדע ווי דיעזע גוטע נשמה וואָלט געווען עפּעס א פערדעכטיגע סחורה, וועלכע מען ווארפט זי צו צום ענדע דעם קויפער, ווען ער האט איינ, דורך די ניעדריגסטע פּרייזען, פער׳מיאוס׳ט די סחורה. ניין, מיין שטימע קען ער ניט קריעגען, אפילו ווען מאַריע׳ס הארץ זאָל פאַר איהם רעדען. — צוריק קומען און פאַר וואס גראד יעצט? — יעצט? — האט ער בעדארפט וואַרטען ביז עס וועט קומען

א העלדישער ברודער, פאר וועמעס נקמה ער האט מורא, אום נאכהער צו בעטען אום פערצייהונג ווי א שול־אינגעל? — אך, ער איז פונקט אזא פייגלינג ווי ער איז ניכטסווירדיג.

גילבערט.

איהר רעדט ווי א שפאניער, וועלכער קען ניט די שפאניער. אין דיעזען אויגענבליק שוועבען מיר אין א גרויסער געפאהר, וואס איהר אלע זעהט ניט.

מאריע.

גוטער גילבערט!

גילבערט.

איך עהרע די אונטערנעהמענדע זעעלע פון אונזער ברודער, איך האב אין דער שטיל צוגעקוקט זיין העלדען־גאנג, און ווינש מיר, אז אלעס זאל זיך גוט ענדיגען; איך ווינש, אז מאריע זאל זיך קענען ענט־שליעסען צו געבען קלאוויגא׳ן איהר האנד, דען — (שמייכלענדיג) — איהר הארץ האט ער דאך שוין —

מאריע.

איהר זייט גרויזאם.

סאפיע.

איך בעט דיך, הער איהם!

גילבערט.

דיין ברודער האט פון איהם ארויסגעצוואונגען אן ערקלערונג, וועלכע גערעכטפערטיגט דיך פאר די אויגען פון דער וועלט און דאס וועט ער פערדארבען.

בוענקא.

ווי אזוי?

מאריע.

אך, גאט!

גילבערט.

ער האט געהאפט דיך צו בעוועגען. בעוועגט ער דיך אבער ניט,

דאַן מוז ער אַלעס אָנוועגדען דאס פּאַפּיר צו פערניכטען; ער קען עס און ער וועט עס טהון. דיין ברודער וויל דאס פּאַפּיר דרוקען באַלד ווי ער קומט צוריק פון אַראַנכועץ. איך האב מורא, אז אויב דו בלייבסט האַרטנעקיג, וועט ער ניט צוריק קעהרען.

סאָפיע.

ליעבער גילבערט!

מאַריע.

איך געה אויס!

גילבערט.

קלאַוויגאָ קען ניט ערלויבען דאס פּאַפּיר זאָל פּערעפּענטליכט ווערען. אויב דו ווייזט צוריק זיין אנטראג און ער איז א מאַן פון עהרע, דאַן מוז ער ענטקעגען געהען דיין ברודער און איינער פון ביידען וועט פאַלען; אויב דיין ברודער שטאַרבט אדער זיעגט, איז ער פערלוירען. א פרעמדער אין שפּאַניען! מערדער פון דיעזען געליעבטען הויף־חברה־מאַן! שוועסטער, עס איז גאַנץ גוט, ווען מען דענקט און מען פיהלט עדעל; אבער זיך און די זייניגע צו גרונדע צו ריכטען —

מאַריע.

ראטה מיך, סאָפיע, העלף מיר!

גילבערט.

און, בוענקאָ, זייט איהר געגען מיין מיינונג?

בוענקאָ.

ער וואַגט עס ניט, ער האט מורא פאַר זיין לעבען, זאָנסט וואָלט ער גאָר ניט געשריעבען, זאָנסט וואָלט ער מאַריע'ן ניט אָנגעבאָטען די האַנד.

גילבערט.

דאס איז נאָך ערגער. דאַן וועט ער געפינען הונדערט, וואס וועלען זיין בערייט איהם צו העלפען, הונדערט, וואס וועלען אונזער ברודער הינטערוויילעכס רויבען זיין לעבען. אַך, בוענקאָ! ביסטו נאָך אזוי יונג? זאָל א הויף - מענש ניט האבען קיין געהיימע מערדער אין דיענסט?

בוענקאָ.

דער קעניג איז גרויס און גוט.

גילבערט.

דו געה דורך די מויערן, וואס רינגלען איהם ארום, דורך די וואַכען, דורך דער צערעמאָניע, און אלעם מיט וואס זיינע שמייכלערס האבען איהם אָבגעטהיילט פון פאָלק, פיהרט דאס דורך און ראטעוועט אונז! — ווער קומט?

קלאַוויגאָ (ערשיינט:)

איך מוז! איך מוז!

מאַריע.

(לאָזט ארויס א געשריי און פאלט סאָפיע'ן אין די אָרעמס.)

סאָפיע.

גרויזאמער! זעהט נאָר אין וואס פאר א צושטאנד איהר ברענגט אונז! (גילבערט און בוענקאָ געהען צו צו איהר.)

קלאַוויגאָ.

יא, זי איז עס, זי איז עס! און איך בין קלאַוויגאָ! — הערט מיך אויס, מיין בעסטע, ווען איהר ווילט מיך ניט זעהען. אין דער צייט, ווען גילבערט האט מיך אויפגענומען מיט פריינדשאפט אין זיין הויז, ווען איך בין נאָך געווען אן אָרעמער, אונבעדייטענדער יונג, ווען איך האב געפיהלט די גרויסע ליידענשאפט פאר אייך, האב איך מיר עס פערדיענט? אדער, איז דאס ניט גיכער געווען די אינערע איינשטימונג פון כאראקטערע, געהיימע נייגונג פון הארצען, וואס איהר זייט צו מיר אויך ניט געבליעבען גלייכגילטיג, און איך האב מיך שפּעטער געקענט בעריהמען, אז איך אליין בין הערר פון דיעזען הארצען? און יעצט — בין איך ניט פונקט דער זעלבער? פאר וואס זאָל איך ניט מעגען האָפען? פאר וואס ניט בעטען? ווילט איהר ניט א פריינד, א געליעבטען, וואס איהר האט גערעכענט טויט נאָך א געפעהרליכער ים־רייזע, ווידער אומארמען, ווען ער קומט צוריק אומגעריכט און לעגט זיין גערעטעוועטעס לעבען צו אייערע פיס? האב איך דען ניט

אין דיזער צייט געשוועבט אויף א שטירמישען ים? זיינען אונזערע ליידענשאפטען, מיט וועלכע מיר לעבען אין אייביגען קאמפף, אונ־בעצווינגליכער ווי יענע כוואליעס, וואס האלטען דעם אונגליקליכען ווייט פון זיין פאטערלאנד? מאריע! מאריע! ווי קענסט איהר מיך האסען, ווען איך האב אייך קיינמאל ניט אויפגעהערט צו ליעבען? אין מיטען פון דעם טומעל, גאררישקייט און שטאלץ, האב איך מיך תמיד דערמאהנט אן יענע טעג, ווען איך האב אין גליק צוגעבראכט נעבען אייערע פיס, ווען מיר האבען געזעהען פאר אונז א רייהע פון בליהענדע אויסזיכטען. — און יעצט, פאר וואס ווילט איהר מיט מיר ניט אלעס ערפיעלען וואס מיר האבען געהאפט? ווילט איהר דערפאר יעצט ניט מעהר געניעסען דאס גליק פון לעבען, ווייל א פינסטערער שאטען איז אריין צווישען אונזערע האפנונגען? ניין, מיין ליעבע, גלויבט מיר, אז די בעסטע פריינד פון דער וועלט זיינען ניט גאנץ ריין; דאס העכסטע גליק ווערט אונטערבראכען דורך אונזערע לייַ־דענשאפטען, דורך אונזער שיקזאל. זאלען מיר זיך בעקלאגען דערפאר ווייל מיט אונז האט פאסירט דאסזעלבע ווי מיט אלע אנדערע, און זאלען מיר זיך בעשטראפען דערמיט וואס מיר זאלען אונזער גליק פון אונז פערשטויסען? — מיינע פריינד, וועלכע איך האב ניט פער־דיענט, מיינע פריינד, וועלכע מוזען אזוי זיין, ווייל זיי זיינען פריינד פון דער טוגענד, צו וועלכער איך קעהר צוריק, פעראייניגט אייערע געבעטע מיט מיינע. מאריע! (ער ווארפט זיך אניעדער:) מאריע! דערקענסטו שוין מעהר ניט מיין שטימע? הערסטו ניט מעהר דעם טאן פון מיין הארצען? מאריע! מאריע!

## מאריע.

א, קלאוויגא!

## קלאוויגא.

(שפרינגט אויף און כאפט איהר האנד, זי קושענדיג ווילד) זי פערצייהעט מיר! זי ליעבט מיך! (אומארמט גילבערט׳ן בוענקא׳ן:) זי ליעבט מיך נאך! אך, מאריע, מיין הארץ האט עס מיר געזאגט! איך האב מיך בעדארפט ווארפען צו דיינע פיס, און שטומערהייט פאר דיר אויסוויינען מיין שמערץ, מיין חרטה. דאן וואלסטו מיך פער־שטאנען אהן ווערטער, פונקט ווי איך ערהאלט מיין פערצייהונג אהן

ווערטער. ניין, דיעזע טיעפע פערוואנדשאפט פון אונזערע נשמות, איז ניט צושטערט; ניין, זיי פערשטעהען זיך נאך ווי אמאל, ווען קיין וואונק איז ניט געווען נעטהיג אום זיך מיטצוטהיילען די טיעפ־סטע געפיהלען. מאריע — מאריע! — מאריע! —

באמארשיי (ערשיינט:)

הא!

קלאוויגא.

(איהם געהענדיג ענטקעגען:) מיין ברודער!

באמארשיי.

דו פערצייהעסט איהם?

מאריע.

לאזט, לאזט מיך, איך פערליר מיין פערשטאנד!
(מען פיהרט זי אוועק.)

באמארשיי.

האט זי איהם מוחל געווען?

בוענקא.

עס זעהט אזוי אוים.

באמארשיי.

דו פערדיענסט ניט דיין גליק.

קלאוויגא.

גלויב, אז איך פיהל עס.

סאפיע (קומט צוריק:)

זי פערצייהעט איהם. א שטראם טרערען איז אויסגעבראכען פון איהרע אויגען. זאל ער זיך אוועקגעהען, האט זי געזאגט, כדי איך זאל מיך ערהאלען. איך פערצייה איהם. — אך, שוועסטער! האט זי אויסגעשריען, און איז מיר געפאלען אויפ'ן האלז, פון וואנען וויים ער, אז איך ליעב איהם?

קלאַוויגאָ.

(איהר קושענדיג די האַנד:) איך בין דער גליקליכסטער מענש אונטער דער זונן. מיין ברודער!

באָמאַרשיי.

(אומאַרמט איהם:) פון גאַנצען הארצען. און אויב איך דאַרף נאָך זאָגען, איז עס: איך קען אייך ניט ליעבען. דערמיט זייט איהר אונזערער און פערגעסען זאָל זיין אַלעס! דאס פּאַפּיר, וואס איהר האט מיר געגעבען, דאָ איז עס! (ער נעהמט עס אויס דער בריעף־טאַש, צורייסט עס און גיט עס איהם.)

קלאַוויגאָ.

איך בין אייערער, אייביג אייערער.

סאָפיע.

איך בעט אייך, געהט זיך אוועק, אז זי זאָל ניט הערען אייער שטימע און איך זאָל זי בערוהיגען.

קלאַוויגאָ.

(אומאַרמענדיג יעדען:) אַדיע! אַדיע! — טויזענד קיש דעם ענגעל.

באָמאַרשיי.

זאָל עס גוט זיין, אפילו ווען איך ווינש, עס זאָל אַנדערש זיין. (שמייכלענדיג:) עס איז דאָך א גוט־הערציגע נשמה אזא מיידעל — און, מיינע פריינד, איך מוז עס אייך זאָגען, עס איז געוועז דער גע־דאַנק, דער וואונש פון דעם געזאַנדטען, אז מאַריע זאָל איהם מוחל זיין, און א גליקליכע הייראַטה זאָל ענדיגען די גאַנצע אונאַנגענעהמע געשיכטע.

גילבערט.

איך פיהל אויך ווידער גוט.

בוענקאָ.

ער איז אייער שוואָגער, און אזוי, אַדיע! איהר וועט מיך מעהר ניט זעהען אין אייער הויז.

באָמארשיי.

מיין הערר!

גילבערט.

בוענקאָ!

בוענקאָ.

איך וועל איהם האסען ביז אין מיין טויט אריין. און, פאסט אויף מיט וואס פאר א מענשען איהר האט צו טהון. (אָב.)

גילבערט.

ער איז א מעלאנכאָלישער אונגליקס־פויגעל. מיט דער צייט וועט ער זיך ווידער לאָזען איבעררעדען, ווען ער וועט זעהען, אז אלעס געהט גוט.

באָמארשיי.

דאָך איז עס געוועזן אביסעל איבעראיילט, וואס איך האב איהם צוריקגעגעבען דאס פאפיר.

גילבערט.

געגוג! געגוג! רעדט שוין ניט דעריבער.

(אָב.)



# פיערטער אקט

## קלאוויגאָ'ס וואוינונג

קאַרלאָס (אַליין:)

עס איז ניט מעהר ווי רעכט, אז מען זאָל ווערען אַן אַפּעקון איי־בער א מענשען, וועלכער פערלירט זיין פערשטאַנד דורך אויסגעלאַ־סענהייט, אדער דורך אנדערע דומהייטען. ווען בעאמטע טהוען דאס, וואס בעקימערען זיך זאָנסט ניט פיעל אום אונז, ווארום זאָלען מיר עס ניט טהון פאר אונזערע פריינד? קלאַוויגאָ, דו ביסט מיאוס דורכ־געפאַלען! אבער איך האָף נאָך! אויב דו האָסט נאָך אביסעל פון דיין געוועזענער נאָכגעבינקייט, איז נאָך אַלץ דאַ צייט דיך צוריק צו האַלטען פון דומהייט, וועלכע מוז דיך פערפיהרען אין שאול תחתיה מיט דיין לייכטזיניגקייט. ער קומט.

קלאַוויגאָ (נאָכדענקענד:)

גאָט העלף, קאַרלאָס.

קאַרלאָס.

א שווערמיטהיגער, טרויעריגער: גאָט העלף! קומסטו אין אזא הומאָר פון דיין כלה?

קלאַוויגאָ.

זי איז אַן ענגעל! זיי זיינען אַלע אויסגעצייכענטע מענשען!

קאַרלאָס.

איהר וועט זיך דאָך אבער ניט איילען מיט דער חתונה, ביז מיר וועלען כאָטש קריעגען א געשטריקטעס קלייד?

קאַרלאָס.

שפּאַס אדער ערנסט, ביי אונזער חתונה וועלען געשטריקטע קליי־דער קיין ראָלע ניט שפּיעלען.

קלאַוויגאָ.

איך גלויב עס.

קלאַוויגאָ.

דאס פערגניעגען אין אונז זעלבסט און די פריינדשאַפטליכע האַר־מאָניע, זאָלען זיין דער פּונקט פון דיעזען יום־טוב.

קאַרלאָס.

וועט איהר מאכען א שטילע, קליינע חתונה?

קלאַוויגאָ.

עס וועט זיין ווי מענשען וואס פיהלען, אז דאס גליק רוהט אין זיי אליין.

קאַרלאָס.

אונטער די אומשטענדען איז עס גאַנץ גוט.

קלאַוויגאָ.

אומשטענדען! וואס מיינסטו מיט אומשטענדען?

קאַרלאָס.

אַט ווי די זאַך איצטער שטעהט און ליעגט און האַלט.

קלאַוויגאָ.

הער, קאַרלאָס, איך קען אזא טאָן פון צוריקהאַלטונג ביי פריינדע ניט אויסשטעהען. איך וויים, אז דו ביסט ניט פאַר דיעזער הייראַטה; פון דעסטוועגען, אויב דו האָסט עפּעס צו זאָגען דאַגעגען, אויב דו ווילסט עפּעס זאָגען, דאַן ארויס מיט לשון! ווי שטעהט דען די זאַך? וואס איז דאָ?

קאַרלאָס.

אין לעבען קומען פאַר מעהרערע וואונדערבאַרע פּאַסירונגען, און

עס וואָלט ניט געווען גאַנץ גוט, ווען אַלעס זאָל צוגעהען גאָר אַזוי גלאַט. מען וואָלט זיך גאָר ניט געהאַט וואָס צו וואונדערן, זיך צו פּער־דרעהען די קעפּ און פּלוידערן אין געזעלשאַפט.

קלאַוויגאָ.

מיינסט אודאי, אַז דאָס וועט אַרויסרופען אויפזעהען?

קאַרלאָס.

קלאַוויגאָ'ס האָכצייט! פערשטעהט זיך. ווייל ניט נאָר איין מיי־דעל אין מאַדריד האָרט אויף דיר, האָפט אויף דיר, און ווען דו וועסט זיי אָבטהון אַזאַ זאַך?

קלאַוויגאָ.

עס קען שוין אָבער אַנדערש ניט זיין.

קאַרלאָס.

עס איז מערקווירדיג. איך קען זעהר ווייניג מענער, וואָס האָבען געמאַכט אַזאַ אַלגעמיינעם איינדרוק אויף די ווייבער ווי דו. אונטער אַלע קלאַסען געפינען זיך גוטע קינדער, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט פּלענער און אויסזיכטען, אום אויף דיר צו לעגען די האַנד. איינע ברענגט אַרוים איהר שעהנהייט, אַ צווייטע — איהר רייכטהום, אַ דריטע — איהר שטאַנד, איהר וויטץ, איהר יחוס. וואָס פאַר אַ קאָמ־פּלימענטען מען מאַכט מיר פון דיינעטוועגען! ווייל, פערשטעהסטו, דאָס קומט מיר ניט פאַר מיין פּלאַטשיגער נאָז, פאַר מיינע געקרייזעל־טע האָאָר און אויך ניט פאַר מיין בעקאַנטע פעראַכטונג צו די ווייבער.

קלאַוויגאָ.

מאַכסט חוזק.

קאַרלאָס.

ווען איך וואָלט ניט געהאַט קיין פּאָרשלעגע, אַנטרעגע, געשריע־בען פון צערטליכע לאַפּקעלאַך, שלעכט אויסגעלעגט, אָט ווי אַן אָרי־גינעלער ליעבעס בריעף פון אַ מיידעל דאַרף זיין געשריעבען. ניט נאָר איין שעהנע האַט זיך מיר אַזוי אַרויסגעגליטשט פון די הענד.

קלאוויגא.

און דו האסט מיר פון אלעמען גאר ניט דערצעהלט.

קארלאס.

ווייל איך האב דיך ניט געוואלט בעשעפטיגען מיט פוסטע זאכען און דיך אויך ניט געקענט ראטהען מיט איין איינציגער פון זיי עפעס ערנסטעס אנצופאנגען. אך, קלאוויגא, דיין שיקזאל האב איך געטראגען אין מיין הארצען פונקט ווי דאס מייניגע. איך האב קיין פריינד אויסער דיך; אלע מענשען זיינען מיר אונערטרעגליך, און דו האסט שוין אויך אנגעהויבען מיר צו ווערען אונערטרעגליך.

קלאוויגא.

זיי רוהיג, איך בעט דיך.

קארלאס.

פערברען איינעמ'ס הויז, ביי וועלכען ער האט געארבייט צעהן יאהר, דאן שיק איהם א גלח איהם צו רעקאמענדירען די קריסטליכע געדולד! — מען דארף זיך פאר קיינעם ניט אינטערעסירען, אויסער פאר זיך זעלבסט; די מענשען זיינען עס ניט ווערטה —

קלאוויגא.

וואס'זשע דיר קומט שוין וויעדער דיין האס משוגעת?

קארלאס.

ווען דאס געשעהט וויעדער אמאל, איבער־א־נייעס, ווער איז דען שולדיג אין דעם מעהר ווי דו? איך האב צו מיר אליין געזאגט: „וואס טויג איהם יעצט די בעסטע הייראטה? איהם, וועלכער אלס געוועהנליכער מענש, האט עס שוין געבראכט ווייט גענוג; אבער מיט זיין גייסט, מיט זיין טאלענט, איז עס אונמעגליך ער זאל בלייבען וואס ער איז." — איך האב געמאכט מיינע פלענער. עס זיינען דא זעהר וועניג מענשען, וועלכע זיינען ווי דו אזוי אונטערנעהמענד, אזוי גייסטפאל און פלייסיג צוזאמען. ער איז גערעכט אין יעדען פאך: אלס ארכיוואר, קען ער באלד דערגרייכען די וויכטיגסטע קענטניסע, ער וועט

זיך מאַכען נויטהווענדיג, און ביי דער מינדעסטער פערענדערונג, ווערט ער מיניסטער.

קלאַוויגאָ.

איך בין דיר מודה, אז דאס זיינען אָפט געווען אויך מיינע חלומות.

קאַרלאָס.

חלומות! פונקט ווי איך דערגרייך דעם טהורם וואס איך וויל בעשטייגען, גראָדע אזוי וואָלסטו אויך בעזיעגט אלע שטערונגען. פאַר׳ן איבריגען וואָלט איך שוין ניט בעדאַרפט זאָרגען. דו האָסט קיין פערמעגען מיטגעבראַכט, בעסער אזוי; דאס וואָלט דיך געטריעבען דו זאָלסט ארבייטען פלייסיג עס צו ערווערבען און אויפמערקזאמער אָבהיטען. און ווער עס זיצט אויף אזא פּלאַטץ ווי דו און ווערט ניט רייך, איז גאָר קיין מענש ניט. דאַן זעה איך ניט איין ווארום דאס לאַנד איז ווייניגער שולדיג דעם מיניסטער ווי דעם קעניג. דער קעניג גיט זיין נאָמען, דער מיניסטער זיינע כוחות. ווען איך וואָלט מיט דעם אַלעמען פארטיג געוואָרען, וואָלט איך מיך אומגעקוקט ווענען א שידוך פון דיינעטוועגען. איך האב פאַר מיר געזעהען ניט נאָר איין שטאָלצע פאמיליע אוועקקוקענדיג פון זיין אָבשטאַמונג. מאנכע פון די רייכסטע, וואס וואָלטען פערציכטעט אויף שטאַנד, אבי זיך צו קענען בעטהייליגען אין דער הערליכקייט פון צווייטען קעניג, און יעצט —

קלאַוויגאָ.

דו האָסט קיין רעכט ניט. דו האָסט מיין געגענווערטיגען צו־שטאַנד צו טיעף ארונטערגעזעצט. גלויבסטו, אז איך קען ניט ווייטער שטייגען?

קאַרלאָס.

ליעבער פריינד, ברעך אויס פון א פלאַנץ דאס הארץ, מעג ער זיך נאָכדעם ארויסגעבען זייטיגע בליהונגען, עס וועט פיעלייכט ווערען א שטאַרקער בוש, אבער דער שטאָלצער קעניגליכער וואוקס פון אָנ־פאנג, איז פערשוואונדען. דאַרפסט ניט פערגעסען, אז דיעזע הייראַטה וועט מען אין הויף בעטראַכטען מיט גלייכגילטיגקייט. האָסטו שוין

פערגעסען, וואס פאר א מענשען עס האבען דיך אבגעראטהען פון דעם אומגאנג און פערבינדונג מיט מאריע'ן? האסטו פערגעסען, ווי דיר איז איינגעפאלען דער קלוגער געדאנק זי צו פערלאזען? זאל איך זיי דיר אויפצעהלען אויף די פינגער?

קלאוויגא.

דער געדאנק האט מיך שוין אויך געפייניגט, וואס וועניג מענשען וועט געפעלען ווערען מיין שריט.

קארלאס.

קיינעם! זאלען דיינע פריינד ניט ווערען אין כעס, אז דו, ניט פרעגענדיג זיי, האסטו, ווי א נאררישער אינגעל זיך אוועקגעלאזען אין מארק, אום אוועקצואווארפען די געלד פאר ווערעמדיגע נים?

קלאוויגא.

קארלאס, דאס איז ניט שעהן און איבערטריעבען.

קארלאס.

אפילו ניט אויף א האאר. ווען איינער בעגעהט א נאררישקייט דורך ליידענשאפט, פערשטעהט מען. צו הייראטהען א קאמער־מיידעל ווייל זי איז שעהן ווי א מלאך, פערשטעהט מען. דער מענש ווערט גע־טאדעלט, דאך זיינען איהם ליט מקנא.

קלאוויגא.

ליט, וויעדער ליט!

קארלאס.

דו ווייסט, מיך קימערט ניט שטארק די צושטימונג פון אנדערע, אבער דאס בלייבט אייביג וואהר: ווער עס טהוט ניט פאר אנדערע, טהוט גאר ניט פאר זיך; און ווען די מענשען בעוואונדערן דיך ניט און זיינען דיך ניט מקנא, ביסטו אויך ניט גליקליך.

קלאוויגא.

די וועלט אורטהיילט נאך'ן שיין. ווער עס בעזיטצט מאריע'ס הארץ, דארף מען מקנא זיין!

### קאַרלאָס.

ווי די זאַך איז, אזוי שיינט זי. איך האב אבער געמיינט, אז עס מוזען זיין פערבאָרגענע מעלות, וואס מאַכען מען זאָל מקנא זיין א מענשען'ס גליק; ווייל אלעס וואס מען זעהט מיט די אויגען, קען מען בעגרייפען מיט'ן מענשען'ס שכל —

### קלאַוויגאָ.

דו ווילסט מיך רואינירען!

### קאַרלאָס.

„ווי האט עס פּאַסירט?" וועט יעדער פרעגען אין שטאָדט. „ווי איז דאס צוגעגאַנגגען?" וועט מען פרעגען אין הויף. „אום גאָטעס ווי־לען, ווי איז דאס צוגעגאַנגגען? זי איז אָרעם, אָהן יחוס. ווען קלאַוויגאָ וואָלט זיך מיט איהר ניט בעגעגענט, וואָלט מען אפילו ניט געוואוסט, אז זי איז דאָ אויף דער וועלט. זי דאַרף זיין זעהר גוט, אנגענעהם, וויטציג! — אבער ווער וועט דערפאַר אליין נעהמען א פרוי? דאס אלעס געהט אוועק אין די ערשטע צייטען פון דער חתונה." „אַך," זאָגט א צווייטער, „זי דאַרף זיין שעהן, רייצענד, אן אויסנאַהמע שעהן" — „דאס בעגרייפט מען," זאָגט אן אנדערער.

### קלאַוויגאָ.

(ער ווערט צומישט און עס רייסט זיך פון איהם ארויס א זיפץ:)

אַך!

### קאַרלאָס.

„שעהן?" בעמערקט איינע. „נישטקשה, עס געהט מיט! איך האב זי שוין זעקס יאָהר ניט געזעהען." „זייט דאַמאָלס קען מען זיך שוין פערענדערן," זאָגט אן אנדערע. „מען וועט זי שוין זעהען, ער וועט זי באַלד ארויסברענגגען," בעמערקט א דריטע. מען פרעגט, מען קוקט, מען וואַרט, מען ווערט אונגעדולדיג, מען עראינערט זיך אַלץ אָן דעם שטאָלצען קלאַוויגאָ, וועלכער האט זיך קיינמאָל ניט בעוויעזען אין דער עפענטליכקייט אָהן א הויכע, הערליכע, שעהן־אויגיגע שפּאַניע־רין, וועמעס פולע ברוסט, בליהענדע באַקען, און איהרע הייסע אויגען האבען אויסגעזעהען צו פרעגען די וועלט: „בין איך ניט ווערטה מיין

בענגלייטער?" אין איהר שטאָלץ, האט זי איהר זיידענעם שלעפּ גע־לאָזען אזוי ווייט אין ווינט ווי מעגליך, כדי איהר ערשיינונג זאָל זיין אלץ איינדרוקספאָלער. — און יעצט ערשיינט דער הערר — און ביי יעדען בלייבען שטעהען די ווערטער אין מויל — קומט ער ארויס מיט זיין שאָקלענדיגער, קליינער, אויגען - פערזונקענע פראנצוויזקע, ביי וועלכער די אויסצעהרונג שטארצעט ארויס פון די גליעדער, אפילו ווען זי פערפינזעלט איהר טויטע פארב מיט ווייס און רויט. אך, ברוד־דער, איך ווער משוגע, איך וועל ענטלויפען, ווען ליט וועלען מיך פּאַ־קען, פרעגען און ניט קענען פערשטעהען —

## קלאוויגאָ.

( איהם אָנכאפענדיג ביי דער האנד :) מיין פריינד, מיין ברודער, איך בין אין א שרעקליכער לאגע. איך זאָג דיר, איך בין עס מודה, איך האב מיך דערשראָקען, און איך האב מאריע'ן ווידער געזעהען! ווי פערענדערט זי איז, — ווי בלייך, אָבגעצעהרט! דאס איז מיין שולד, מיין פעררעטהעריי! —

## קארלאָס.

נאררישקייטען! שטות! זי האט שוין געהאט די שווינדזוכט, ווען דיין ראָמאָן האט נאָר וואס אָנגעפאנגען. איך האב דיר עס גע־זאָגט שוין טויזענד מאָל — אבער איהר פערליעבטע, האט קיין אויגען און קיין נאָז. קלאוויגאָ, עס איז שענדליך! אזוי, אזוי אלעס צו פער־געסען, א קראנקע פרוי, וואס וועט ברענגען די פעסט צו דיינע יוצאי־חלצים, אז אלע דיינע קינדער און אייניקלעך, וועלען צו געוויסע יאָה־רען אזוי העסליך אויסזעהען ווי א בעטלער'ס טעמפּעל. — א מאָן, וואס קען זיין דער שטאמפאָטער פון א פאמיליע, וועלכע וועט פיעל־לייכט שפּעטער — אבער איך ווער נארריש, דער קאָפּ טומעלט זיך אויף מיר.

## קלאוויגאָ.

קארלאָס, וואס זאָל איך דיר זאָגען? ווען איך האב זי ווידער געזעהען, אין ערשטען טומעל, איז איהר מיין הארץ צוגעפלויגען — זי האט אין מיר איינגעשטויסען טיעפען רחמנות; אבער ליעבע — זעה! עס האט ביי מיר אויסגעזעהען, אז אין מיטען פון דער גרויסער

פרייד, האט זיך די קאַלטע האַנד פון טויט אוועקגעלעגט אויף מיין נאַקען. איך האָב געוואָלט זיין מונטער, וויעדער שפּיעלען דעם גליקלי־כען צווישען די מענשען, וואס האבען מיך ארומגערינגעלט; אבער אַלעס איז שוין געווען פארביי. ווען זיי וואָלטען געווען ווענינער אוי־סער זיך, וואָלטען זיי דאס געוויס בעמערקט.

קאַרלאָס.

העלע! טויט און טייוועל! און דו ווילסט עס מיט איהר חתונה האבען?

קלאַוויגאָ.

(פערזינקט אין רעיונות און ענטפערט קיין וואָרט.)

קאַרלאָס.

דו ביסט פערלוירען אויף אייביג! לעב וואָהל, ברודער, און לאָז מיך אלעס פערגעסען, לאָזט מיך אזוי אָבפינסטערן מיין גאַנצעס לעבען איבער דעם שיקזאַל פון דיין פערבלענדונג. אָך, איז דאס אלעס? זיך צו פערהאָסען ביי דער וועלט און דורך דעם אפילו ניט בעפריע־דיגען א ליידענשאַפט, א בעגעהר? דיר אוממיסטען צוציהען א קראַנק־הייט, וועלכע וועהרענד דעם וואס זי רואינירט דיינע אינווענינסטע בוחות, וועט זי דיך אויך מאכען ביי די מענשען אבשייליך.

קלאַוויגאָ.

קאַרלאָס! קאַרלאָס!

קאַרלאָס.

הלואי, וואָלסטו קיינמאָל ניט געשטיעגען אזוי הויך, אום ניט ארונטערצופאלען! מיט וועלכע אויגען וועט מען דאס צוזעהען? דאָ איז דער ברודער, וועלען זיי זאָגען, ער מוז זיין א שעהנער חברה־מאַן, וועלכער האט איהם אריינגענאַרט אין זאק; ער האט אפילו ניט גע־וואגט איהם אָנצוביעטען דעם שפּיטץ פון זיין שווערט. „הא!" וועלען אויסרופען די יונגע חברה פון הויף, „מען האט עס פון תמיד אָן גע־זעהען, אז ער איז ניט קיין קאַוואַליער." „באה!" וועט איינער אויס־רופען און זיך אריבער רוקען דעם הוט איבער די אויגען, „דער פראַנ־צויז האט בעדאַרפט קומען צו מיר!" דערביי וועט ער זיך פּאַטשען

אויפ'ן בויך; א קערל, וועלכער האט פיעללייכט ניט פערדיענט צו זיין דיין רייטקנעכט.

קלאוויגא.

(פאלט קארלאס'ן אויפ'ן האלז, וועהרענד ער ברעכט אויס אין א קוואל טרערען.) ראטעווע מיך! פריינד! מיין בעסטער, ראטעווע מיך! ראטעווע מיך פון דעם דאפעלטען פאלש־שווערען, פון דער גרויסער שאנדע, פון מיר זעלבסט — איך געה אויס!

קארלאס.

ארעמער, עלענדער! איך האב געהאפט, אז עס איז שוין לאנג פאראיבער די יוגענדליכע משוגעת, דיעזע שטירמישע טרערען, דיעזע טיעפע מרה שחורה; איך האב געהאפט דיך צו זעהען אלס מאן, ניט פערציטערט, ניט פערצווייפעלט, און וויינענדיג ווי דו פלעגסט עס אמאל טהון אויף מיין ברוסט. פאס מוטה, קלאוויגא, זיי א מאן!

קלאוויגא.

לאז מיך וויינען! (ווארפט זיך אין א שטוהל.)

קארלאס.

וועה דיר, וואס דו האסט בעטרעטען א וועג, וועלכען דו וועסט ניט ענדיגען. מיט דיין הארץ, דיינע אידעען, וואס וואלטען געקענט גליקליך מאכען א רוהיגען בירגער, מוזטו דען שטרעבען צו גרויסקייט? און וואס איז גרויסקייט, קלאוויגא? זיך אויפצוהייבען אין ראנג און כבוד איבער אנדערע? גלויב עס ניט. ווען דיין הארץ איז ניט גרעסער ווי אנדערע הערצער, ווען דו ביסט ניט אימשטאנד דיך רוהיג איבער די פערהעלטניסע פון אנדערע ארויסצוזעטצען, פערהעלטניסע, וואס קענען בעאונרוהיגען א פראסטען מענשען, דאן ביסטו מיט אלע דיינע עהרענצייכען, ביסטו מיט דער קרוין זעלבסט א פראסטער מענש. פאס מוטה, בערוהיג דיך!

קלאוויגא.

(שטעלט זיך אויף, קוקט צו קארלאס'ן און גיט איהם די האנד, וועלכע קארלאס כאפט אן מיט העפטיגקייט.)

קארלאָס.

שטעה אויף, מיין פריינד, און ענטשליס דיך. זעה, איך וועל אלעס אוועקלעגען אויף א זייט, איך וועל זאָגען: „דאָ ליעגען צוויי פאַר־שלעגע אויף גלייכע שאָלען: ענטוועדער דו הייראטהעסט מאריע'ן און דו געפינסט דיין גליק אין א שטילעס, בירגערליכעס לעבען, אין די רוהיגע הויזליכע פריידען; אדער דו פיהרסט אויפ'ן עהרענפולען וועג דיין גאנג ווייטער צום נאָהענטען ציעל. — איך וועל אלעס אוועק־לעגען אויף א זייט און זאָגען: די צונג שטעהט שטיל, עס הייננט אָב פון דיין ענטשלוס, וועלכע פון דיביידע שאָלען זאָל איבערוועגען. גוט! אבער ענטשליעס דיך! — עס איז ניטאָ קיין ערגערעס אין דער וועלט ווי אן אונענטשלאָסענער מענש, וועלכע שוועבט צווישען צוויי געפיהלען, וועלכער וואָלט גערןביידע פעראייניגט, און ער בעגרייפט ניט, אז קיין זאך קען זיי פעראייניגען, און איהם בלייבט נאָר איבער דער צווייפעל, די אונרוהע, וועלכע פייניגען איהם. שטעה אויף און גיב מאריע'ן דיין האנד, האנדעל ווי אן עהרליכער יונג, וועלכער אָפ־פערט דאס גליק פון זיין לעבען פאר זיינע ווערטער; וועלכער האלט עס פאר זיין פליכט, וויעדער גוט צו מאכען וואס ער האט פערדאָרבען — דאן געניעס דאס גליק פון א רוהיגען קליינעם קרייז, דעם אפלויז פון א צופריעדענעם געוויסען און דעם נחת־רוח, וואס א מענש האט וועלכער איז אימשטאנד זיין אייגענעם גליק זיך צו שאפען — ענט־שליעס דיך, דאן וועל איך זאָגען, אז דו ביסט א גאנצער מענש —

קלאַוויגאָ.

קארלאָס, אך, בלויז איין פונק פון דיין גבורה, פון דיין מוטה.

קארלאָס.

ער שלאָפט אין דיר, און איך וועל בלאָזען, ביז ער וועט אויפ־פלאַקערן. בליק נאָר אויף דער אנדערער זייט און זעה דאס גליק און די גרויסקייט וואס ערוואַרטען דיך. איך וועל דיר דיעזע אויסזיכטען ניט מאָהלען מיט שעהנע פארבען. שטעל זיי דיר אליין פאָר, ווי אזוי זיי זיינען געשטאנען אין דער קלאָרקייט פון דיין נשמה, איידער דער פראנצויזישער דרעה־קאָפּ האט דיר צודרעהט דיינע חושים. אבער אויך דאָ, קלאַוויגאָ, זאָלסטו זיין א גאנצער מענש און מאך דיין וועג גראד, ניט קוקענדיג רעכטס אדער לינקס, זאָל דיין נשמה זיך אויס־

ברייטען, די געוויסהייט פון דעם גרויסען געפיהל זאָל קומען איבער דיר, און פערשטעהען, אז אויסעראָרענטליכע מענשען זיינען טאַקי דערמיט אליין גרויס, ווייל זייערע פליכטען אונטערשיידען זיך פון די פליכטען פון פּראָסטע מענשען; אז ער, וועמעס האנדלונג עס איז אזוי, האט צו בעטראכטען איין גרויסעס גאנצע, אז ער דאַרף רע־גיערען און אויפהאלטען, און קען זיך ניט מאכען קיין פאָרוואורף, ווייל ער האט פערנאכלעסיגט אונבעדייטענדע זאכען, ווייל ער האט געאָפּפערט קלייניגקייטען לטובת הכלל. ווען דאס טהוט גאָט אין זיין נאטור, דער קעניג אין זיין מדינה, פאר וואס זאָלען מיר עס ניט טהון אום צו זיין עהנליך צו זיי?

קלאָוויגאָ.

קאַרלאָס, איך בין א קליין מענשעלע.

קאַרלאָס.

מיר זיינען ניט קליין, ווען אומשטענדען טרייבען אונז עפּעס צו טהון, מיר זיינען ניט קליין, ווען זיי האבען אונז איבערוועלטיגט. נאָך איין אטהעם־צוג, און דו וועסט ביי מיר ווידער זיין דערזעלבער וואס געוועזען. ווארף אוועק דעם רעסט פון א נאררישער ליידענשאפט, וואס פּאסט דיר יעצט גראדע אזוי וועניג ווי דאס גרויע רעקעל און בעשיע־דענע מיענע, מיט וועלכער דו ביסט געקומען קיין מאדריד. וואס דאס אָרעמע מיידעל האט פאר דיר געטהון, האָסטו איהר שוין לאַנג בע־לוינט. און דאס וואס דו ביסט איהר שולדיג פאר דער ערשטער פריינד־ליכער אויפנאהמע — אך, אן אנדערע וואָלט, פאר'ן פערגניעגען פון דיין בעקאנטשאפט פונקט אזוי פיעל אדער נאָך מעהר געטהון און ניט געהאט קיין פּרעטענזיעס. וועט עס דיר איינפאלען אוועק צו געבען די העלפט פון דיין פערמעגען דעם שוהלמייסטער, ווייל ער האט דיך, מיט דרייסיג יאָהר צוריק, אויסגעלערענט דעם א בע צע? זאָג, קלאָוויגאָ?

קלאָוויגאָ.

דאס איז שוין ריכטיג. אין גאנצען קענסטו שוין האבען רעכט, אבער ווי אזוי העלפען מיר זיך ארויסדרעהען פון דעם מיש־מאַש? דאַרויף גיעב אן עצה, שאַף הילף און דערנאָך רעד!

קארלאָס.

גוט! וואס ווילסטו אלזאָ?

קלאוויגאָ.

מאך מיך קענען, מאך מיך ווערען. איך האב קיין נאָכדענקען; האב דו עס פאר מיר.

קארלאָס.

הער'זשע. צוערשט זאָלסטו ארויספאָדערן דעם הערר אויף א דועל, אום ער זאָל דיר ארויסגעבען די ערקלערונג, וועלכע ער האט פון דיר ארויסגעצוואונגען אין א מאָמענט פון אונבעזאָנענקייט.

קלאוויגאָ.

איך האב זי שוין. ער האט זי צוריסען און מיר צוריקגעגעבען.

קארלאָס.

אויסגעצייכענט! אויסגעצייכענט! דעם שריט שוין געמאכט — און דו האָסט מיך געלאָזט רעדען אזוי לאנג פאר גאָר ניט? אלזאָ, בקיצור, דו שרייבסט איהם אזוי: אז דו געפינסט פאר ניט גוט חתונה צו האבען מיט זיין שוועסטער; די אורזאכע וועט ער קענען ערפאהרען, ווען ער וועט היינט אויף דער נאכט זיך לאָזען בעגלייטען פון א פריינד, בעזאָרגט מיט די נעטהיגע וואפען, און ער וועט קומען אויף א בעשטימטען פלאטץ. דאן שרייב זיך אונטער. — קום נאָר, קלאוויגאָ, שרייב עס אויף. איך בין דיין סעקונדאנט ביים דועל און — עס מוז צוגעהען מיט'ן טייוועל —

קלאוויגאָ.

(געהט צו צום טיש.)

קארלאָס.

הער! איין וואָרט! ווען איך דענק מיר עס איבער פאלט מיר איין א גוטער געדאנק. ווער זיינען מיר עפּעס, וואס מיר זאָלען זיך וואגען געגען א צורייצטען אוואנטיוריסט? זיין אויפפיהרונג, זיין שטאנד פערדיענט ניט, אז מיר זאָלען איהם מאכען פאר אונזער גלייכען. הער'זשע מיך אויס. ווען איך וועל מאכען געגען איהם א קלאגע,

אז ער איז אהער געקומען בסוד, זיך ביי דיר אנגעמעלדעט מיט א העלפערס־העלפער אונטער א פאַלשען נאָמען, דיך פריהער געמאכט פערטרויליך מיט פריינדליכע ווערטער, דאן דיך אונערווארטעט אי־בערפאַלען און ביי דיר ארויסגעצוואונגען אן ערקלערונג — ווען איך וועל דאס טהון, דאן וועט דאס ברעכען זיין קארק. ער זאָל עס ערפאַה־רען, וואס דאס הייסט צו בעפעהלען א שפּאניער אין מיטען פון זיין בירגערליכער רוה.

קלאַוויגאָ.

האָסט רעכט.

קאַרלאָס.

ביז צום פּראָצעס אבער, דארף מען זיך דערוויל בעוואָרענען ער זאָל אונז ניט בעאונרוהיגען.

קלאַוויגאָ.

איך פערשטעה און איך קען דיך, אז דו ביסט מאן גענוג דאס אויסצופיהרען.

קאַרלאָס.

פערלאָז דיך אויף מיר. דו דארפסט גאָר ניט טהון, גאָר ניט שריי־בען. ווער עס לאָזט דעם ברודער אריינזעטצען, גיט ער שוין צו פער־שטעהן, אז ער וויל ניט די שוועסטער.

קלאַוויגאָ.

ניין, קאַרלאָס, זאָל עס געהען ווי עס וויל, נאָר דאס קען איך ניט צולאָזען. באָמארשיי איז אן אנשטענדיגער מענש, ער זאָל ניט שמאַכ־טען אין קיין בעליידיגענדען געפענגניס פאר זיין גערעכטיגקייט. מאך אן אנדערן פאָרשלאַג, קאַרלאָס.

קאַרלאָס.

נאררישקייטען! מיר ווען איהם ניט אויפעסען, מען וועט פאר איהם גוט זאָרגען, און לאַנג קען עס אויך ניט געדויערן. ווייל אזוי גיך, ווי ער וועט דערפיהלען, אז דאס איז ערנסט, וועט ער באַלד פערלירען זיין חוצפּה, און ער וועט מאכען א ויברח צוריק קיין פראַנקרייך. ער וועט אויך דאנקען זעהר העפליך, ווען מען וועט געבען זיין שוועסטער

א יעהרליכען געהאַלט, וואס דאס איז וואַהרשיינליך געווען זיין איינ־ציגער צוועק.

קלאַוויגאָ.

זאָל זיין אזוי, נאָר זיך בענעהמען גוט געגען איהם.

קאַרלאָס.

זאָרג דיך ניט. נאָך עפּעס. מען קען ניט וויסען, אפשר ערפאהרט ער דערפון, דיך בעפאלען און אלעם קאַליע מאַכען. דערפאַר זאָלסטו אוועק פון דיין הויז, אז אפילו קיין בעדיענטער זאָל וויסען וואוהין. לאָז נאָר צוזאמען פּאַקען דאס נעטהיגע. איך וועל דיר שיקען א דיע־נער, וועלכער וועט דאס אוועקטראָגען און דיר עס ברענגען אהין, וואו אפילו דער הייליגער הערמאנדאד וועט דיך ניט געפינען. איך האב תמיד אָפען א פּאָאר אזעלכע מויז־לעכער. אַדיע!

קלאַוויגאָ.

געה געזונטערהייט.

קאַרלאָס.

נאָר קוראַזש, ברודער! ווען דאס אלעס וועט זיין פּאַראיבער, וועלען מיר זיך אביסעל אמוזירען.

---

# גילבערט'ס וואוינונג

סאָפיע גילבערט. מאַריע באָמאַרשיי מיט ארבייט.

מאַריע.

איז בוענקאָ אוועק אזוי אויפגערעגט?

סאָפיע.

דאס איז געווען נאַטירליך. ער ליעבט דיך, און ווי קען ער קוקען אויף דעם מענשען, וועלכען ער מוז דאָפּעלט האסען?

מאַריע.

ער איז דער בעסטער, טוגענדהאפטעסטער בירגער, וועלכען איך האב ווען עס איז געקענט. (ווייזט איהר די ארבייט.) מיר דאכט, אז אזוי דאַרף עס זיין? איך ציה דאס איין און דעם עק העקעל איך צו. עס וועט פאסען גאנץ גוט.

סאָפיע.

יא. און איך וועל נעהמען פאיל־באַנד צו דער הויבע. קיין זאך פאסט מיר בעסער. לאכסט?

מאַריע.

איך לאך איבער מיר אליין. מיר מיידלאך זיינען א מערקווירדי־געם פאָלק: קוים הייבען מיר וויעדער אויף אביסעל דעם קאָפּ, דאַן פוצט מען זיך באלד.

סאָפיע.

דאס קענסטו דיר ניט נאָכזאָגען. פון דעם אויגענבליק אָן, וואס קלאוויגאָ האט דיך פערלאָזען, איז קיין זאך ניט געוועזען אימשטאנד דיר צו פערשאפען פרייד.

מאַריע.

(מאריע ציטערט אויף און בליקט צו דער טהיר.)

סאָפיע.

וואס איז נייעס?

מאַריע.

(בעזאָרגט:) איך האב געמיינט, אז עמיצער קומט. מיין אָרעם הארץ! דאס וועט מיך נאָך אומברענגען. פיהל נאָר ווי עס קלאפט פון דער פוסטער שרעק.

סאָפיע.

זיי רוהיג. דו זעהסט אויס בלאס. איך בעט דיך, מיין ליעבע!

מאַריע.

(אָנווייזענדיג אויף דער ברוסט:) אָט דאָ דריקט מיך אזוי — עס שטעכט מיך אזוי. — עס וועט מיך אומברענגען.

סאָפיע.

שוינע דיך.

מאַריע.

איך בין א נאַרריש, אונגליקליך מיידעל. שמערץ און פרייד האבען מיט זייער גאַנצער געוואַלט אונטערגעגראָבען מיין אָרעמעס לעבען. איך זאָג דיר, עס איז נאָר א האַלבע פרייד, וואס איך האב איהם צוריק. דאס גליק אין זיינע אָרעמס וועל איך ווענינ געניסען; פיעללייכט גאָר ניט.

סאָפיע.

שוועסטער! מיין ליעבע, איינציגע שוועסטער! דו מאַכסט דיר אָן אליין צרות מיט דיינע איינרעדענישען.

מאַריע.

פאר וואָס זאָל איך דיך בעטריעגען?

סאָפיע.

דו ביסט יונג און גליקליך און קענסט אלעס האָפען.

מאַריע.

האָפנונג! אָט דיעזער איינציגער זיסער באַלזאַם אין לעבען בע־צויבערט אָפט מיין נשמה. מוטהיגע, יוגענדליכע חלומות שוועבען פאר מיר, און בעלייכטען די געליעבטע געשטאַלט פון דעם אונפערגלייכ־ליכען, וועלכער ווערט וויעדער אַמאָל מיינער. אַך, סאָפיע. ווי רייצענד ער איז! זייט איך האב איהם ניט געזעהען, האט ער — איך ווייס ניט ווי איך זאָל עס אויסדריקען — עס האבען זיך ענטוויקעלט אלע גרויסע מעלות, וואס זיינען פריהער געלעגען בעהאַלטען אין זיין בעשיידענ־הייט. ער איז געוואָרען א מאַן, און מוז מיט דיעזען געפיהל פון זיך זעלבסט, אָהן שטאָלץ, אָהן פוסטע מיענעס, אלע הערצער בעגייסטע־רען. — זאָל ער טאַקי ווערען מיינער? — ניין, שוועסטער, איך בין איהם ניט ווערטה געווען — און יעצט נאָך ווענינער.

סאָפיע.

נעהם איהם נאָר, און זיי גליקליך. — איך הער דיין ברודער קומען.

באָמאַרשיי (ערשיינט).

וואו איז גילבערט?

סאָפיע.

ער איז שוין פון א צייט אוועק; לאַנג קען ער מעהר ניט בלייבען.

מאַריע.

וואס איז נייעס, ברודער? (אויפשפּרינגענדיג, איהם פאַלענדיג אויפ'ן האלז.) ליעבער ברודער, וואס איז געשעהען?

באָמאַרשיי.

גאָר ניט! לאָז מיך אָב, מיין מאַריע!

מאַריע.

ווען איך בין דיין מאַריע, זאָלסטו מיר זאָגען, וואס דו האָסט אויפ'ן הארצען.

סאָפיע.

לאָז איהם אָב. די מענער מאַכע זאָפּט קרומע פּנים'ער גראַדע ניט האבענדיג קיין זאַך אויפ'ן הארצען.

מאַריע.

ניין, ניין. איך, איך האב געזעהען דיין געזיכט ניט פיעלע מאָל, אבער דאָך דריקט עס מיר שוין אוים דיינע געפיהלע; איך לעז יעדעס געפיהל פון דיעזער אונפערשטעלטער, אונפערדאָרבענער נשמה אויף דיין שטערן. דו האָסט עפּעס, וואס ברענגט דיך ארוים פון די כלים. רעד, וואס איז נייעס?

באָמאַרשיי.

עס איז גאָר ניט, מיינע ליעבע. איך האָף, אז אין גרונד גענומען, איז עס גאָר ניט. קלאַוויגאָ —

מאַריע.

וואס?

באָמאַרשיי.

איך בין געווען ביי קלאַוויגאָ'ן, ער איז ניט אין דער היים.

סאָפיע.

און וואס ברענגט דיך אזוי ארוים פון די כלים?

באָמאַרשיי.

זיין טהיר־היטער האט געזאָגט, אז ער איז אוועקגעפאָהרען און וויים ניט וואוהין. קיינער וויים אויך ניט, אויף ווי לאַנג ער איז אוועקגעפאָהרען. שטעלט זיך פאָר, ווען דאס זאָל הייסען, אז ער פער־לייקענט זיך! ווען ער זאָל ווירקליך האבען אוועקגעפאָהרען! צו וואס? פאר וואס?

מאַריע.

לאָמיר אָבוואַרטען.

באָמאַרשיי.

דיין צונג זאָגט ליעגען, הא! די בלאַסקייט פון דיינע באַקען, דאס ציטערן פון דיינע גליעדער, אלעס רעדט און ווייזט, אז דו קענסט עס ניט אָבוואַרטען. ליעבע שוועסטער! (נעהמט זי אין זיינע אָרעמס.) ביי דיעזען קלאַפּענדען, מיט אַנגסט ציטערענדעס האַרץ, שווער איך דיר. הער מיך, גאָט, וועלכער איז גערעכט! הערט מיך אלע זיינע היי־ליגע! פאר דיר זאָל גענומען ווערען נקמה, ווען ער — איך פערליר דעם פערשטאַנד דאַריעבער — ווען ער זאָל חרטה האבען, ווען ער זאָל האבען בעגאַנגען א דאָפּעלטע פאַלשקייט און געשפּאָטעט פון אונ־זער עלענד — ניין, עס איז, עס איז ניט מעגליך, ניט מעגליך! ראַכע!

סאָפיע.

אלעס איז נאָך צו פריה, צו געאיילט. האב רחמנות אויף איהר, איך בעט דיך, ברודער.

מאַריע.

(זעצט זיך.)

סאָפיע.

וואס איז מיט דיר? ווערסט אָהנמעכטיג?

מאַריע.

ניין, ניין. דו ביסט פונקט אויך אזוי געערגערט.

סאָפיע.

(גיט איהר וואסער.) נעהם דאס גלאָז.

מאריע.

לאָז מיך אָב, וואס טויג עס מיר? — מיינעטוועגען, גיעב אהער.

באָמארשיי.

וואו איז גילבערט? וואו איז בוענקאָ? שיק נאָך זיי, איך בעט דיך. (סאָפיע אָב.) ווי פיהלסטו, מאריע?

מאריע.

גוט, גאַנץ גוט! דענקסטו דען, ברודער? —

באָמארשיי.

וואס, מיין ליעבע?

מאריע.

אך!

באָמארשיי.

דער אטהעם ווערט דיר שווער.

מאריע.

דאס שרעקליכע קלאפען פון מיין הארצען, פערשפארט מיר די לופט.

באָמארשיי.

האט איהר קיין מיטעל? ברויכסטו קיין ניעדערשלאָגענדעם?

מאריע.

איך וויים איין מיטעל, און פאר דעם בעט איך גאָט שוין פון לאנג.

באָמארשיי.

דו זאָלסט עס האבען, און איך האָף, פון מיין האנד.

מאריע.

שוין גוט.

סאָפיע (ערשיינט).

א קוריער האט נאָר וואס געבראכט דיעזען בריעף. ער קומט פון אראנכועץ.

באָמאַרשיי.

דאס איז דער זיעגעל און די האנדשריפט פון אונזער געזאנדטען.

סאָפיע.

איך האב איהם געהייסען ארונטערקומען און זיך אונטערלייגען דאס הארץ; ער האט ניט געוואָלט, ווייל ער האט נאָך מעהרערע דע־פעשען צום אויסטהיילען.

מאַריע.

ווילסטו, מיין ליעבע, שיקען דאס מיידעל נאָך'ן דאָקטאָר?

סאָפיע.

פעהלט דיר עפּעס? היילינגער גאָט, וואס איז מיט דיר?

מאַריע.

דו ווילסט מיך אזוי איבערשרעקען, אז איך וועל מיר צולעצט ניט טרויען צו פערלאנגען אפילו א גלאָז וואסער — סאָפיע! ברודער! וואס שטעהט אין בריעף? זעה, ווי ער ציטערט! ווי ער פערלירט דאס לעצטע ביסעל מוטה!

סאָפיע.

ברודער, מיין ברודער!

באָמאַרשיי.

(ווארפט זיך, ניט רעדענדיג, אין א שטוהל, און לאָזט פאַלען דעם בריעף.)

סאָפיע.

מיין ברודער! (הייבט אויף דעם בריעף און לעזט.)

מאַריע.

לאָמיך איהם זעהען! איך מוז! — (וויל אויפשטעהען.) וועה! איך פיהל עס. עס איז דאס לעצטע. שוועסטער, אוים בארמהערציג־קייט דעם לעצטען שנעלען טויטעסשטוים! ער האט אונז פערראַטהען!

באָמאַרשיי.

(אויפשפרינגענדיג:) ער האט אונז פעררּאַטהען! (זיך קלאַפּענ־דיג אויפ'ן שטערן און אויף דער ברוסט.) דאָ! דאָ! אַלעס איז אזוי דומפּף און אזוי טויט פאר מיין נשמה, גלייך ווי א דונערשלאַג וואָלט געלעהמט מיינע חושים. מאַריע, מאַריע, דו ביסט פעררּאַטהען! — און איך שטעה דאָ! וואוהין? — וואס? — איך זעה גאָר ניט, גאָר ניט! קיין אויסוועג, קיין רעטונג! (וואַרפט זיך צוריק אין שטוהל.)

גילבערט (ערשיינט).

סאָפיע.

גילבערט! ראַטה! הילף! מיר זיינען פערלוירען!

גילבערט.

ווייב!

סאָפיע.

לעז! לעז! דער געזאַנדטער מעלדעט אונזער ברודער: קלאַוויגאָ מאַכט געגען איהם א שווערע אָנקלאַגע, אז ער איז אריין אונטער א פאַלשען נאָמען אין זיין הויז, און וועהרענד ער איז געלעגען אין בעט האט ער געהאַלטען א פּיסטויל פאר איהם, דאַן איהם געצוואונגען אונטערצושרייבען א שענדליכע ערקלערונג, און יעצט, ווען ער וועט ניט שנעל ארוים פון לאַנד, וועט מען איהם אריינוואַרפען אין גע־פענגנים, פון וועלכען אפילו דער געזאַנדטער וועט איהם פיעללייכט גאָר ניט קענען בעפרייען.

באָמאַרשיי (אויפשפרינגענדיג:)

יא, זאָלען זיי עס טהון! זאָלען זיי עס טהון! מיך אריינוואַרפען אין געפענגנים. אבער נעהמען וועט מען מיך פון נעבען זיין טויטען קערפּער, דאָרט וואו איך וועל מיך אָנזעטיגען פון זיין בלוט. — אַך, דער גרויסער און שרעקליכער דורשט נאָך זיין בלוט פילט אָן מיין האַרץ. א דאַנק דיר, גאָט אין הימעל, וואס דו שיקסט דעם מענשען א טרייסט, אַן ערקוויקונג אין מיטען פון זיינע גליהענדע און אונער־טרעגליכע ליידען. אַך, ווי איך פיהל עס די דורשטענדע נקמה דאָ אין

מיין בוזים! ראַכע! ווי אַלעס אין מיר שטרעבט איהם צו כאַפּען, איהם צו פערניכטען!

סאָפיע.

דו ביסט שרעקליך, ברודער!

באָמאַרשיי.

אַלץ בעסער. — אַך! קיין שווערט, קיין געוועהר! מיט דיעזע הענד וועל איך איהם דערווערגען, אז איך זאָל האבען און שפּירען דאס גאַנצע גליק פון דעם געפיהל, אז איך האב איהם פערניכטעט!

מאַריע.

מיין הארץ! מיין הארץ!

באָמאַרשיי.

אזוי ווי איך האב דיך ניט געקענט ראַטעווען, זאָלסטו האבען נקמה. איך שמעק נאָך זיין שפּור, מיינע צייהן לעכצען נאָך זיין פלייש, מיין גומען נאָך זיין בלוט. איך בין געוואָרען א ווילדעס טהיער! מיר גליהט אין יעדער אָדער, אין יעדער נערוו ציקט אין מיר דער בעגעהר נאָך איהם! — איך וואָלט יענעם אייביג געהאַסט, וועלכער זאָל איהם פער'סם'ען, אדער גלאַט אזוי אָבשאַפען פון וועג הינטערוויילעכס. אַך, גילבערט, העלף מיר איהם אויפצוזוכען! וואו איז בוענקאָ? העלף מיר איהם צו געפינען!

גילבערט.

ראַטעווע דיך! ראַטעווע דיך! ביסט אויסער דיר!

מאַריע.

ענטלויף, מיין ברודער!

סאָפיע.

פיהר איהם אוועק; ער וועט אומברענגען זיין שוועסטער.

בוענקאָ (ערשיינט).

אוועק מיין הערר! אוועק! איך האב עס פאָראויס געזעהען. איך האב אויף אַלעס אכטונג געגעבען. און יעצט, געהט מען אייך נאָך, איהר זייט פערלוירען אויב איהר פערלאָזט ניט די שטאָדט אין דיעזען אויגענבליק.

באמארשיי.

קיינמאל ניט! וואו איז קלאוויגא?

בוענקא.

איך ווייס ניט!

באמארשיי.

דו ווייסט עס. איך בעט, צו דיינע פיס ליעגענדיג, זאג עס מיר

סאפיע.

אום גאטעס ווילען, בוענקא!

מאריע.

אך, לופט! לופט! (פאלט צוריק.) קלאוויגא! —

בוענקא.

העלפט! זי שטארבט!

סאפיע.

פערלאז אונז ניט, גאט אין הימעל! — ראטעווע דיך, מיין ברו־דער, ראטעווע דיך!

באמארשיי.

(פאלט אניעדער נעבען מאריע'ן, וועלכע, טראטץ דער הילף, קען זי ניט קומען צו זיך:) דיך פערלאזען? דיך פערלאזען?

סאפיע.

דאן בלייב און רואיניר אונז אלע, פונקט ווי דו האסט געטויטעט מאריע'ן. עס איז א סוף פון דיר, ארעמע שוועסטער, דורך דער אונ־בעזאנענהייט פון דיין ברודער.

באמארשיי.

האלט, שוועסטער!

סאפיע (שפאטענדיג:)

רעטער! — נקמה נעהמער! — העלף דיר אליין!

באמארשיי.

פערדיען איך דאס?

סאָפיע.

גיב זי מיר ווידער צוריק! דאַן געה דיר אין געפענגניס, געה אפילו צו מארטערן, געה, פערגיעס דיין בלוט און גיב זי מיר צוריק.

באָמאַרשיי.

סאָפיע!

סאָפיע.

הא! איז שוין פאָראיבער, איז זי טויט? — דאַן בלייב ביי אונז! (כאַפּט איהם ארום האַלז.) מיין ברודער, בלייב ביי אונז! געה אוועק צו אונזער פאָטער, שנעל, שנעל! דאס איז געוועזן איהר שיקזאַל. זי האט עס געענדיגט. און איין גאָט אין הימעל זאָלסטו איבערלאָזען די נקמה.

בוענקאָ.

אוועק! אוועק! קומט מיט מיר, איך וועל אייך בעהאַלטען ביז מיר וועלען געפינען א מיטעל אייך ארויסצושיקען פון לאַנד.

באָמאַרשיי.

(פאַלט אויף מאַריע'ן און קושט זי:) שוועסטער! (מען רייסט איהם אַב; ער כאַפּט אָן סאָפיע'ן, זי בעפרייט זיך; מען טראָגט אוועק מאַריע'ן. בוענקאָ מיט באָמאַרשיי אָב.)

גילבערט, א דאָקטאָר (ערשיינען).

סאָפיע.

(ארויסקומענדיג פון צימער, וואוהין מען האט אריינגעטראָגען מאַריע'ן:) צו שפּעט, זי איז שוין טויט.

גילבערט.

קומט, מיין הערר, איהר זעהט דאָך שוין אליין, אז עס איז ניט מעגליך.

(אָב.)

# פינפטער אקט

גאַס פאַר גילבערט'ס הויז.

נ אַ כ ט.

(דאס הויז איז אָפען. פאַר דעם הויז שטעהען דריי מענער, גע־הילט אין שווארצע מאַנטלען, און האַלטען פאַקלען אין די הענד. קלאַוויגאָ ערשיינט איינגעהילט אין אַ מאַנטעל, האַלטענדיג דאס שווערט אונטער'ן אָרעם. א דיענער געהט פאָראויס מיט א פאַקעל.)

קלאַוויגאָ.

איך האב דאָך דיר געזאָגט, דו זאָלסט אויסמיידען דיעזע גאַס.

דיענער.

מיר וואָלטען דאָך געמוזט נעהמען צו א גרויסען אומוועג, און איהר איילט זיך אזוי. עס איז ניט ווייט פון דאַנען, וואו דאָן קאַרלאָס וואוינט.

קלאַוויגאָ.

וואס איז דאס פאַר א פאַקלען דאָרט?

דיענער.

א מת. קומט, מיין העהר.

קלאַוויגאָ.

מאַריע'ס וואוינונג! א מת! מיר געהט א טויטליכער שרעק דורך די גליעדער. געה פרעג, וועמען מען בעגראָבט.

דיענער.

(געהט צו צו איינעם פון די מענער:) וועמען בעגראָבען זיי?

די מענער.

מאריע באָמארשיי.

קלאַוויגאָ.

(זעצט זיך אוועק אויף א שטיין און פערהיעלט זיך.)

דיענער.

(קומט צוריק:) זיי בעגראָבען מאריע באָמארשיי.

קלאַוויגאָ.

(אויפשפרינגענדיג:) מוזטו עס וויעדערהאָלען, פעררעטהער? וויעדערהאָלען דאס דונערוואָרט, וואס שלאָגט מיר ארויס דעם מאַרך פון מיינע ביינער?

דיענער.

שטיל, מיין הערר, קומט. דענקט פון דער געפאהר, וואס שוועבט איבער אונז.

קלאַוויגאָ.

געה אין דער העללע, איך בלייב!

דיענער.

אַך, קארלאָס, איך זאָל דיך נאָר געפינען! ער איז אויסער זיך!

(אָב.)

(קלאַוויגאָ, פון וויטען די לויה, מענשען.)

קלאַוויגאָ.

טויט! מאריע טויט! די פאַקלען דאָרט, זיינען איהרע טרויעריגע בעגלייטער! — עס איז א צויבערשפּיעל, א פערבלענדעניש וואס מיך שרעקט, וואס האָלט פאר מיר א שפּיעגעל, אין וועלכען איך זעה דעם סוף פון מיין פערראטה. — נאָך איז עס צייט, נאָך! — איך ציטער, מיין הארץ צוגעהט אין שרעק! ניין, ניין! דו זאָלסט ניט שטארבען.

איך קום! איך קום! — פערשווינדעט גייסטער פון דער נאכט, וועלכע שטעלען זיך פאר מיר אין שוידערליכע שרעקען. — (געהט צו צו די מענער.) פערשווינדעט! — זיי שטעהען! הא? זיי קוקען זיך אום נאך מיר. וועה, וועה מיר, עס זיינען מענשען ווי איך. — עס איז וואהר — וואהר? ווערסטו עס בעגרייפען? זי איז טויט — מיט דעם גאנצען שוידער פון דער נאכט כאפט מיך אן דאס געפיהל: זי איז טויט! ניט דא ליעגט זי, די בלום, צו דיינע פים. — און דו, דערבאַרעם דיך אויף מיר, גאט אין הימעל, איך האב זי ניט געטויטעט! — בעהאלט איך, שטערען, קוקט ניט ארונטער איהר, וועלכע האט אפט געזעהען דעם פערברעכער אין דעם געפיהל פון העכסטען גליק, פערלאזענדיג דיעזע שוועל; איהר, וואס איהר האט אפט געזעהען געהענדיג דורך דיעזער גאס מיט שטרונען־שפיעל און געזאנג אין גאלדענע פאנטאזיען שוועבען, און דאס הערענדע מיידעל דארט ביים טויער איז אנגעצונדען געווארען מיט גליקליכער ערווארטונג! — יעצט פילסטו אן דאס הויז מיט וועה־קלאגען און יאמערן, און דיעזען שוי־פלאטץ פון דיין גליק מיט קבר געזאנג! — מאריע, מאריע, נעהם מיך מיט דיר! נעהם מיך מיט דיר! (פון אינוועניג הערט זיך ארויסקלינגען א טרויעריגע מוזיק.) זיי הייבען אן דעם וועג צום קבר! — האלט! האלט! שליעסט ניט צו דעם ארון! לאזט מיך זי זעהען נאך אמאל! (ער געהט צו צום הויז.) הא! וועמען קען איך יעצט בעגעגנען? וועמען וועל איך זעהען אין זיינע גרויסע שמערצען? — איהרע פריינד? איהר ברודער? וועמען א וויטהענדער יאמער פיללט אן די ברוסט? (די מוזיק הערט זיך ווידער.) זי רופט מיך! זי רופט מיך! איך קום! — וואס פאר א שרעק עס רינגעלט מיך ארום! וואס פאר א ציטערן עס האלט מיך צוריק!

(די מוזיק פאנגט אן צום דריטען מאל און ווערט פארטגעזעצט. די פאקלען בעוועגען זיך פאר דער טהיר. עס קומען צו נאך דריי צו זיי, וועלכע שטעלען זיך אויס אין דער רייהע, אום ארומצונעהמען די לויה, וואס קומט ארויס פון הויז. זעקס טראגען די מטה, אויף וועלכער עס שטעהט דער ארון.)

גילבערט, בוענקא, אין טיעפען טרויער.

קלאַווינאָ.

(אַרויסקומענדיג:) האַלט!

גילבערט.

וואס איז דאַס פאַר אַ שטימע?

קלאַווינאָ.

האַלט! (די טרעגער בלייבען שטעהען.)

בוענקאָ.

ווער וואַגט עס אָבצושטעלען די לויה?

קלאַווינאָ.

שטעלט אַניעדער!

גילבערט.

האַ!

בוענקאָ.

עלענדער! איז נאָך קיין ענדע צו דיינע שאַנד־טהאַטען? איז דיין אָפּפער אין אָרון אויך ניט זיכער פאַר דיר?

קלאַווינאָ.

לאָזט! מאַכט מיך ניט ווילד! די אונגליקליכע זיינען געפעהר־ליך! איך מוז זי זעהען! (ער הייבט אויף דאַס דעק־טוך. מאַריע ליעגט אין ווייסען געקליידעט מיט צונויפגעלעגטע הענד אין אָרון. קלאַווינאָ טרעט צוריק און בעהאַלט זיין פּנים.)

בוענקאָ.

ווילסטו זי אויפוועקען, אום זי ווידער צו טויטען?

קלאַווינאָ.

אָרעמער שפעטער! — מאַריע! (ער פאַלט אַניעדער נעבען אָרון.)

באָמאַרשיי (ערשיינט).

בוענקאָ האָט מיך פערלאָזען. זיי זאָגען, אַז זי איז ניט טויט, איך מוז זעהען, אפילו טראָטצען דעם טייוועל! איך מוז זי זעהען! פאַקעלן!

ליבע! (ער לויפט צו, דערזעהט דעם ארון און פאלט ארויף אָהן שפראך. מען הייבט איהם אויף, ער איז ווי אָהנמעכטיג. גילבערט האלט איהם.)

קלאוויגאָ.

(שטעהט אויף ביי דער אנדערער זייט פון ארון:) מאריע! מאריע!

באָמארשיי.

(אויפשטעהענדיג:) דאס איז זיין שטימע! ווער רופט מאריע'ן? מיט דעם קלאָגען פון דיעזער שטימע, האט זיך אויסגעגאָסען א גלי־הענדע וואוטה אין מיינע אָדערן.

קלאוויגאָ.

איך בין עס!

באָמארשיי.

(בליקט ווילד צו איהם, כאפענדיג דאס שווערט. גילבערט האלט איהם צו.)

קלאוויגאָ.

איך האב קיין מורא ניט פאר דיינע גליהענדע אויגען, אויך ניט פאר דעם שפיטץ פון דיין שווערט! קוק נאָר אהער אויף דיעזע גע־שלאָסענע אויגען, אויף דיעזע צונויפגעלעגטע הענד!

באָמארשיי.

וויוזט עס מיר? (ער רייסט זיך אויס, שטופט זיך צו קלאווי־גאָ'ן. זיי ציהען די שווערטען, פעכטען, באָמארשיי שטעכט איהם אריין זיין שווערט אין דער ברוסט.)

קלאוויגאָ.

(פאלענדיג:) איך דאנק דיר, ברודער, דו האָסט אונז חתונה גע־מאכט. (ער פאלט אויפ'ן ארון.)

באָמארשיי.

(איהם אוועקרייסענדיג:) אוועק פון דיעזער הייליגער, דו פער־רעטהער!

קלאַוויגאָ.

וועה! (די טרעגער האַלטען איהם.)

באָמאַרשיי.

בלוט! קוק נאָר אַהער, מאַריע, זעה נאָר דיין כלה־ציערונג, און דאַן שליעס דיינע אויגען אויף אייביג. זעה נאָר ווי איך האָב געהייליגט דיין רוה־פּלאַטץ מיט דעם בלוט פון דיין מערדער! שעהן! הערליך!

סאָפיע (ערשיינט).

ברודער! גאָט! וואס איז דאָרט?

באָמאַרשיי.

קום נעהנטער, ליעבע, און זעה. איך האָב געהאָפט צו בעפּוטצען איהר כלה־בעט מיט רויזען; זעה די רויזען, מיט וועלכע איך ציער אוים איהר וועג צום הימעל.

סאָפיע.

מיר זיינען פערלוירען!

קלאַוויגאָ.

רעטע דיך, אונבעזאָנענער מענש! רעטע דיך, איידער עס ווערט טאָג. גאָט, וועלכער האט דיך אַהער געשיקט זיך נוקם צו זיין, זאָל דיך בעגלייטען! — סאָפיע, זיי מיר מוחל! — ברודער — פריינד, פערצייהט מיר!

באָמאַרשיי.

ווי זיין פליעסענדעס בלוט לעשט אוים אין מיר די גאַנצע גליהענדע ראַכע פון מיין הארצען! מיט זיין אוועקפליעסענד עס לעבען פערשווינדעט אויך מיין צאָרן! (געהט צו צו איהם.) שטאַרב, איך פערצייה דיר!

קלאַוויגאָ.

דיין האַנד! און דיינע, סאָפיע! און אייערע. (בוענקאָ צעגערט.)

סאָפיע.

גיב זי איהם, בוענקאָ.

קלאוויגא.

איך דאנק דיר! דו ביסט די אלטע! איך דאנק אייך! און ווען דו, גייסט פון מיין געליעבטע, שוועבסט נאך ארום, דאן בליק ארונ־טער. זעה די הימלישע גוטסקייט, גיב דערצו דיין ברכה, און זיי מיר אויך מוחל! — איך קום! איך קום! — ראטעווע דיך, מיין ברודער! זאגט מיר, האט זי מיר מוחל געווען? ווי אזוי איז זי געשטארבען?

סאפיע.

איהר לעצטעס ווארט איז געווען דיין אונגליקליכער נאמען! זי איז געשטארבען אהן אבשיעד פון אונז.

קלאוויגא.

איך וועל איהר ברענגען אייער אבשיעד.

קארלאס, דיענער.

קארלאס.

קלאוויגא! מערדער!

קלאוויגא.

הער מיך אויס,קארלאס! אט דא געפינען זיך די קרבנות פון דיין חכמה. — און יעצט, צוליעב דיעזען בלוט, אין וועלכען מיין לעבען פליעסט אוועק, ראטעווע מיין ברודער! —

קארלאס.

מיינע פריינד! איהר שטעהט דא? לויפט נאך דאקטוירים! (דיענער אב.)

קלאוויגא.

צו שפעט! ראטעווע דעם אונגליקליכען ברודער! גיב מיר דא־רויף דיין האנד! זיי האבען מיר מוחל געווען און אזוי בין איך אויך דיר מוחל. דו זאלסט איהם בעגלייטען ביז צו דער גרענעץ, און — אך!

קארלאס.

(קלאפענדיג מיט'ן פוס:) קלאוויגא! קלאוויגא!

קלאוויגא.

(זיך צוריקקערענדיג צום ארון, אויף וועלכען מען לאזט איהם זיך אנלעהנען:) מאריע! דיינע האנד! (ער צונעהמט איהרע הענד און נעהמט די רעכטע.)

סאפיע.

(צו באמארשיי:) אוועק, אונגליקליכער, ענטלויף!

קלאוויגא.

איך האב איהר האנד! איהר קאלטע, טויטענהאנד! דו ביסט מיינע — און דא האסטו נאך דיעזען חתן־קאפ! אך!

סאפיע.

ער שטארבט! ראטעווע דיך! ברודער!

באמארשיי.

(פאלט סאפיע'ן אויפ'ן האלז.)

סאפיע.

(אומארמט איהם, וועהרענד זי מאכט אויך א בעוועגונג איהם אוועקצופיהרען.)



# דער בירגער גענעראל

לוסטשפּיעל אין איין אַקט.



פּ ע ר ז אָ נ ע ן :

רייזע. שנאַפּס.
גערגע. דער ריכטער.
מערטען. בויערן.
דער עדעלמאַן.

(האנדלונג קומט פאָר אין מערטען'ס הויז.)

# פאַרוואָרט צום „בירגער גענעראַל"

די קאָמעדיע, „דער בירגער גענעראַל," איז אַ וויכטיגער היסטאָ־ רישער דאָקומענט.

ער בעווייזט, וואָס פאַר אַן אופרוהר די פראַנצויזישע רעוואָלו־ ציאָן האָט דאַמאָלס ארויסגערופען אויך אין פרעמדע לענדער. אַלע לענדער האָבען געציטערט פאַר אַן אויסברוך, און פיעלע קאָמישע, ווי אויך ערנסטע סצענען, זיינען דערפון ארויסגעקומען.

געטהע׳ס אייגענע אנזיכטען ווייזען זיך ארויס, אַלס ניט זעהר סימפּאַטהיש צו דער רעוואָלוציאָן, און וואָס עס אַנבעלאַנגט די רע־ וואָלוציאָנערען, איז ער געוויס אַ גרויסער געגנער פון זייער געוואַלט־ טאַקטיק.

אין דער פּערזאָן פון „עדעלמאַן," קענען מיר זאָגען, אַז געטהע גיט דורך איהם איבער זיינע אייגענע געדאַנקען און אנזיכטען.

דער איבערזעטצער.

# ערשטער אויפטריט

רייזע, גערגע.

גערגע.

(קומט ארויס פון הויז און רעדט צוריק:) הערסטו, ליעבע רייזע?

רייזע.

(צוקומענדיג אונטער דער טהיר:) געוויס, ליעבער גערגע.

גערגע.

איך געה ארויס אויפ'ן פעלד און וועל אויסגלייכען די מוילוואורף הויפענס.

רייזע.

גוט.

גערגע.

דערנאך וועל איך זעהען וואס עס הערט זיך מיט'ן אקער.

רייזע.

שעהן. דאן וועסטו קומען צום קרויט־לאנד און וועסט גראבען און מיך דארט געפינען מיט'ן פריהשטיק.

גערגע.

דאן זעטצען מיר זיך אוועק און מיר וועלען עסען צוזאמען.

רייזע.

דאן זאלסטו האבען א גוטע זופ.

גערגע.

זאל זי זיין נאך אמאל אזוי גוט, האט זי אבער קיין טעם ניט, ווען דו עסט ניט אויך מיט.

רייזע.

מיט מיר איז עס אויך אזוי.

גערגע.

אלזא, לעב וואהל, רייזע!

(רייזע געהט, בלייבט שטעהען, קוקט זיך אום, זיי ווארפען זיך צו קוש מיט די הענד, ער קעהרט צוריק.)

גערגע.

הער, רייזע! — די לייט רעדען מעהר ניט קיין אמתווארט.

רייזע.

ווענינגסטענס זעלטען. וואס איז דען?

גערגע.

זיי זאגען, אז אלס מאן און פרוי, האט מען זיך מעהר ניט אזוי ליעב ווי פריהער. דאס איז ניט אמת, רייזע. ווי לאנג האבען מיר זיך שוין? ווארט!

רייזע.

צוועלף וואכען.

גערגע.

וואהרהאפטיג! און עס איז נאך אימער גערגע און רייזעלע, און רייזעלע און גערגע ווי פריהער. אלזא, לעב וואהל!

רייזע.

לעב וואהל! ווי אפט האבען מיר זיך דאס שוין געזאגט!

גערגע.

(דערוויטערט זיך:) און ווי אפט ווען מיר זיך עס נאך זאגען.

רייזע.

און אונז אימער ווידער זוכען און געפינען.

גערגע.

(שטיל שטעהענדיג:) דאס איז א נחת!

רייזע.

איך קום גלייך נאך. לעב וואהל!

גערגע.

(געהענדיג:) לעב וואהל!

רייזע.

(אונטער דער טהיר:) גערגע!

גערגע.

(צוריק קומענדיג:) וואס איז נייעס?

רייזע.

דו האָסט עפּעס פערגעסען.

גערגע.

וואס?

רייזע.

(צושפּרינגענדיג:) נאָך א קוש!

גערגע.

ליעבע רייזע!

רייזי

ליעבער גערגע! (זיך קושענדיג.)

---

## צווייטער אויפטריט

### די פריהעריגע, דער עדעלמאַן.

עדעלמאַן.

בראוו, איהר קינדער! פיין, אַז אייך מערקט מען ניט, אז די צייט פערגעהט.

גערגע.

מיר מערקען עס אויך ניט, גנעדיגער הערר.

רייזע.

(מיט א בעדייטונג:) איהר וועט עס באלד אויך ניט מערקען.

עדעלמאַן.

ווי אזוי ?

רייזע.

מאַכט זיך נאָר ניט וויסענדיג. — זי איז דאָך אזוי שעהן!

עדעלמאַן.

(שמייכלענדיג:) ווער ?

גערגע.

הם, רייזע, דו האָסט רעכט. יא, יא, זעהר שעהן.

רייזע.

און איהר זייט נאָך אזא שעהנער יונגער העררי.

עדעלמאַן.

גערגע, מעג זי דאס זאָגען ?

גערגע.

יעצט מעהר ווי אלע מאָל. ווייל איך וויל עס מודה זיין, אז איך בין אָפּט געווען אייפערזיכטיג אויף אייך.

עדעלמאַן.

דו האָסט אויך געהאט אורזאכע, ווייל רייזע איז מיר תמיד גע־פעלען געוואָרען.

רייזע.

איהר טרייבט קאַטאָוועס, גנעדיגער העררי.

גערגע.

עס איז מיר תמיד פאָרגעקומען עפּעס צו ערנסט.

רייזע.

ער האט מיך אָפּט גענוג געקוועלט.

גערגע.

און זי מיך אויך.

עדעלמאַן.

און יעצט ?

גערגע.

יעצט איז רייזע מיין פרוי, און איך רעכען, אז זי איז א גאנץ פיין ווייבעל.

עדעלמאן.

דאס איז געוויס.

רייזע.

(מיט א בעדייטונג:) און איהר? —

עדעלמאן.

וואס?

גערגע.

(זיך נייגענדיג:) מעג מען אייך גראטולירען!

עדעלמאן.

צו וואס?

רייזע.

(זיך נייגענדיג:) ווען איהר וועט קיין פאראיבעל ניט האבען.

גערגע.

איהר וועט באלד אויך האבען א ליעבע ווייבעלע.

עדעלמאן.

פון דעם וויים איך ניט.

רייזע.

אין עטליכע טעג ארום וועט איהר עס מעהר ניט לייקענען.

גערגע.

און זי איז אזוי ליעבענסווירדיג.

עדעלמאן.

וועמען מיינט איהר?

רייזע.

פרייליין קאראלינע, וועלכע איז ניט לאנג אהער געקומען אויף בעזוך מיט איהר מוהמע.

עדעלמאן.

פון וואנען דרינגט איהר עס?

גערגע.

איך האב געמיינט, אז דאס פאסט זיך.

רייזע.

עס איז גאנץ שעהן, אז איהר זאָלט טאקי הייראטהען.

גערגע.

מען ווערט א גאנץ אנדערער מענש. איהר וועט עס זעהען.

רייזע.

איצט געפעלט עס מיר אין הויז.

גערגע.

און מיר דאכט זיך, אז איך בין אין דיעזען הויז געבוירען וואָרען.

רייזע.

און ווען מיין טאטע לייענט די צייטונגען און בעקימערט זיך אום דעם וואס עס געהט פאָר אין דער וועלט, דאן דריקען מיר זיך איינע די אנדערע די הענד.

גערגע.

און ווען דער אלטער ווערט טרויעריג, וואס עס געהט פאָר אזעלכע איבערקעהרענישען, דאן דריקען מיר זיך צוזאמען און פרייען זיך, וואס ביי אונז איז עס אזוי פריעדליך און רוהיג.

עדעלמאַן.

עס איז דאס בעסטע וואס איהר קענט טהון.

רייזע.

און ווען דער טאטע קען גאָר ניט פערשטעהען, ווי אזוי ער קען ראטעווען די פראנצויזישע נאציאָן און די שולדען, זאָג איך דאן: „גערגע, לאָמיר זיך בלויז היטען, מיר זאָלען קיין שולדען ניט מאכען.”

גערגע.

און ווען ער איז אויסער זיך דערפאר, וואס מען נעהמט צו ביי יעדען זיינע גיטער און פערמעגען, דאן איבערלעגען מיר זיך צוזאמען, ווי אזוי מיר זאָלען אונזער גוט פערבעסערען, וואס מיר רעכענען צו קויפען פון דעם געלד אין לאָטעריע.

עדעלמאַן.

איהר זייט קלוגע יונגע מענשען.

רייזע.

און גליקליך.

עדעלמאַן.

דאס הער איך זעהר גערן.

גערגע.

איהר וועט עס אויך באַלד ערפאהרען.

רייזע.

אך, וועט עס זיין א שמחה אין שלאָס!

גערגע.

ווי אין די צייטען ווען אייער גוטע מאַמע האט געלעבט.

רייזע.

צו וועלכער מען איז אימער געלאָפען, ווען עמיצער איז געוועזן קראנק.

גערגע.

זי פלעגט אויפלעגען גוטען בראנפען, ווען מען האט זיך אָנגע־קלאַפּט א בייל.

רייזע.

וועלכע האט געוואוסט פון אזעלכע גוטע זאַלבען, ווען מען האט זיך אָבגעבריהט.

עדעלמאַן.

ווען איך וועל הייראטהען, וועל איך זוכען א פּרויענצימער וואס איז עהנליך צו איהר.

גערגע.

מען האט זי שוין געפונען.

רייזע.

איך דענק אזוי. זייט ניט בייז, גנעדיגער הערר, וואס מיר רעדען אזוי אָפען.

גערגע.

מיר קענען עס אבער ניט דערווארטען —

רייזע.

אייך אזוי גליקליך צו זעהען ווי אונז.

גערגע.

איהר דארפט שוין מעהר ניט צעגערן.

רייזע.

עס איז פערלארענע צייט.

גערגע.

און מיר זיינען שוין פון פריהער אין קאהן.

עדעלמאן.

אלזא, מיר ווילען זעהען.

גערגע.

עס מאכט נאטירליך גאר ניט אויס, ווען אונזער אינגעל וועט עלטער זיין ווי אייערער; ער וועט אויך בעסער קענען אכטונג געבען אויף איהם.

רייזע.

דאס וועט אויך זיין שעהן, ווען זיי ווילען זיך שפיעלען צוזאמען. זיי ווילען דאך עס מעגען טהון?

עדעלמאן.

זאלען זיי פריהער דא זיין. יא! — מיינע קינדער זאלען אויפ־וואקסען מיט אייערע צוזאמען, ווי איך מיט אייך.

רייזע.

דאס וועט זיין א חיות!

גערגע.

איך זעה זיי שוין!



# דריטער אויפטריט

די פריהעריגע, מערטען ביים פענסטער.

מערטען.

רייזע, רייזע! וואס הערט זיך עפעס מיט'ן פריהשטיק?

רייזע.

באלד! באלד!

מערטען.

דארף איך שוין ווידער ווארטען? (שליעסט דאס פענסטער.)

רייזע.

אין אן אויגענבליק.

גערגע.

ניכער, רייזע.

רייזע.

עס בלייבט מיר גאר קיין צייט ניט.

עדעלמאן.

שולדיג אין דעם איז דער קוש, ביי וועלכען איך האב אייך נע־כאפט. דערפאר האב איך אויך פערגעסען מיין ווילדפרעט.

גערגע.

אייער פריינדליכקייט, גנעדיגער הערר, איז שולדיג.

רייזע.

יא, און דערפאר האב איך פערגעסען אן טאטען.

גערגע.

און איך אן פעלד, אקער און קרויטלאנד.

עדעלמאן.

יעצט זאל יעדער געהען זיין וועג.



## פיערטער אויפטריט

(מערטען׳ס שטוב, מיט א קאמין, איין שראנק, א טיש מיט שטוהלען. ביי דער זייט א פענסטער, געגענאיבער אן אנגעלעהנטע לייטער.)

מערטען, רייזע.

מערטען.

רייזע, וואו ביסטו?

רייזע.

דאָ, טאטע.

מערטען.

וואו ביסטו געוועזן?

רייזע.

דער גנעדיגער הערר איז פארביינעגאנגען, און ווייל ער איז אזוי גוט, האט ער מיט אונז אביסעל געפלוידערט.

מערטען.

און מיין קאפעע?

רייזע.

(אָנווייזענדיג אויפ׳ן קאמין:) ער שטעהט דאָ.

מערטען.

דאס זעה איך. אבער וואו איז די מילך?

רייזע.

באלד ווארעם. (געהט צום שראנק, עפענט מיט א שליסעל פון קלוטשניק, וואס זי האלט אויפגעהאנגען, נעהמט ארויס מילך און שטעלט צו צום קאמין.)

מערטען.

רייזע, דאס איז ניט שעהן.

רייזע.

(בעשעפטיגט:) וואס מיינסטו, טאטע?

מערטען.

אז דו פערגעסט מיך אין גאנצען איבער גערנע'ן.

רייזע.

וואס הייסט?

מערטען.

מיט איהם האסטו געפלוידערט, פאר איהם האסטו געזארגט.

רייזע.

איהם אויך, טאטע. איך האב איהם פוטער־ברויט געגעבען.

מערטען.

פאר איהם אליין זארגסטו.

רייזע.

ניין, ניין, פאר דיר פונקט ווי פאר איהם.

מערטען.

און דאך האסטו מיר פערשפראכען, ווען איך האב דיך געלאזט הייראטהען —

רייזע.

זאל אלעס בלייבען נאכדעם ווי פריהער.

מערטען.

האלסטו איצט ווארט?

רייזע.

געוויס. דא איז דער קאפעע.

מערטען.

ביסטו יעדען פריהמארגען ביי דער האנד ווי פריהער?

רייזע.

דא איז די מילך. (לויפט ווידער צום שראנק.)

מערטען.

דארף איך ניט ווארטען אויף אלעס?

רייזע.

דא איז די טאססע, דער לעפעל, דער צוקער. ווילסטו א שטיקעל פוטער־ברויט?

מערטען.

ניין, ניין! — דו בלייבסט מיר שולדיג דעם ענטפער.

רייזע.

(אנווייזענדיג אויפ'ן פריהשטיק:) דא שטעהט ער.

מערטען.

קען זיין עס איז גוט. דערצעהל מיר עפּעס.

רייזע.

איך מוז אוועקגעהען.

מערטען.

שוין ווידער?

רייזע.

ברענגען געוגע'ן די זופּ, ער וויל ניט קיין קאפּע.

מערטען.

פאר וואס עסט ער זי ניט אין הויז?

רייזע.

ער וויל פריהער אביסעל ארבייטען. אויפ'ן קרויטלאנד האט ער געבויעט אן אלטאנקע, דארט מאכען מיר א פייערל, ווארעמען אן די זופּ און עסען זיביידע אויף.

מערטען.

געה'זשע אהין, אויב עס קען ניט אנדערש זיין.

רייזע.

וואס מיינסטו?

מערטען.

טאטע-מאמע פערלאזט איהר און געהט נאך דעם מאן.

רייזע.

אזוי דארף עס אויך זיין.

מערטען.

געה'זשע.

רייזע.

זאלסט האבען א גוטען אנבייסען; איך זאג ניט וואס.

מערטען.

גוט, גוט.

רייזע.

זיי ניט בייז.

מערטען.

ניין, ניין.

רייזע.

זיי'זשע מיר געזונד.

מערטען.

געה שוין! איך וויל אויך ארויסגעהען.

## פינפטער אויפטריט

מערטען (אליין, זיטצענדיג און טרינקענדיג:)

עס איז בעסער, וואס זי געהט. נעכטען האט מיר שנאפס געזאגט פארבייגעהענדיג, אז ווען די קינדער וועלען זיין אין פעלד, וועט ער מיך בעזוכען און מיר דערצעהלען א סך נייעס. א חברה מאן, דער שנאפס! אלצדינג וויים ער! ווען ער זאל נאר בעסער שטעהען מיט נערגע'ן. אבער ער האט געשוואוירען, ווען ער וועט איהם נאך אמאל טרעפען אין הויז, וועט ער איהם צוברעכען די ביינער. און נערגע האלט זיין ווארט. — א גוטער יונג! א בייזער יונג! איך הער עפעס. (ביי דער טהיר.) הא! הא! שנאפס! — דאס איז ער!

## זעקסטער אויפטריט

מערטען, שנאפס.

שנאפס.

(אריינקוקענדיג:) זייט איהר אליין, פאטער מערטען?

מערטען.

קום אריין!

שנאפס.

(א פוס אריינשטעלענדיג:) איך האב געזעהען גערנע'ן אליין געהען; איז רייזע נאכגעגאנגען?

מערטען.

יא, קוואטער שנאפס, ווי תמיד.

שנאפס.

דא בין איך.

מערטען.

איהר זייט פארזיכטיג.

שנאפס.

דאס איז די ערשטע טוגענד.

מערטען.

פון וואנען קומט איהר עס?

שנאפס.

הם, הם.

מערטען.

זייט אכט טעג האט מען אייך ניט געזעהען.

שנאפס.

איך גלויב עס.

מערטען.

האט איהר עפעס עמיצען קורירט?

שנאפס.

פאטער מערטען, איך האב מיך געלערענט קורירען!

מערטען.

געלערענט? גלייך ווי איהר וואלט נאך בעדארפט עפעס לערנען.

שנאפס.

מען לערענט קיינמאל ניט אויס.

מערטען.

איהר זייט בעשיידען.

שנאפס.

ווי אלע גרויסע מענער.

מערטען.

נו, וואס עס אנבעטרעפט די גרויסע — איהר זייט קלענער פון מיר.

שנאפס.

פאטער מערטען, דערפון איז ניט די רעדע. אבער דאָ! דאָ! (זיך קלאפענדיג אויפ'ן שטערן.)

מערטען.

איך פערשטעה.

שנאפס.

און עס געפינען זיך מענשען אויף דער וועלט, וואס קענען עס אָבשעטצען.

מערטען.

אָהן א צווייפעל.

שנאפס.

מען געפינט צוטרויען —

מערטען.

איך גלויב עס.

שנאפס.

מען ערפאהרט —

מערטען.

(אונגעדולדיג:) וואס? זאָגט!

שנאפס.

מען ערהאלט אויפטרעגע.

מערטען.

געשווינד! וואס איז נייעס?

שנאפס.

(מיט בעדייטונג:) מען ווערט א מענש פון איינפלוס.

מערטען.

איז עס מעגליך?

שנאפס.

אין עטליכע טעג ארום וועט איהר עס ערפאהרען.

מערטען.

ניין, ניין, שוין! זאגט מיר!

שנאפס.

איך קען ניט. דאס אליין איז שוין אויך גענוג געזאגט.

מערטען.

קוואטער שנאפס —

שנאפס.

וואס איז נייעס?

מערטען.

קוקט מיך אן.

שנאפס.

נו?

מערטען.

גראדע אין די אויגען.

שנאפס.

אזוי?

מערטען.

שארף!

שנאפס.

צום טייוועל! איך זעה דאך אייך. מיך וואונדערט עס וואס איהר קענט פערטראגען מיין בליק.

מערטען.

הערט!

שנאפס.

וואס איז?

מערטען.

איז דאס וואס איהר האט מיר צו דערצעהלען —

שנאַפּס.

וואס מיינט איהר?

מערטען.

איז עס ניט ווידער עפּעס אזא היסטאָריע?

שנאַפּס.

ווי קענט איהר אזוי דענקען?

מערטען.

אדער —

שנאַפּס.

וואס רעדט איהר, פּאטער מערטען!

מערטען.

אדער פון די פּיעלע שנאַפּסען, פון אייערע יחוס'דיגע אבות?

שנאַפּס.

דאס איז געווען א שנאַפּס, ריינער שנאַפּס! איצט פאנגט עס אָן צו ווערען ערנסט.

מערטען.

איבערצייגט מיך.

שנאַפּס.

זאָל זיין אזוי. טאקי נאָר ווייל איהר זייט עס.

מערטען.

איך בין זעהר נייגעריג.

שנאַפּס.

אויב אזוי, הערט! — זיינען מיר נאָר אויף זיכער?

מערטען.

געוויס. גערגע איז אויפ'ן פעלד און רייזע איז אוועק צו איהם.

שנאַפּס.

(מיט הכנות:) מאכט אויף די אויערן! מאכט אויף די אויגען!

מערטען.

זאָל שוין אמאָל נעהמען א סוף.

שנאַפּס.

איהר האט אָפט געהערט — עס הערט דאָך קיינער ניט?

מערטען.

קיינער ניט!

שנאַפּס.

אז די בעריהמטע יאַקאָבינער — קיינער איז דאָך דאַ ניט בע־האלטען?

מערטען.

געוויס ניט!

שנאַפּס.

זוכען קלוגע מענשען אין אלע לענדער, אום זיי צו קענען בע־נוטצען.

מערטען.

אזוי זאָגט מען.

שנאַפּס.

מיין נאָמען האט — איך הער עמיצען.

מערטען.

חלילה וחס!

שנאַפּס.

מיין נאָמען האט אָבגעקלונגען איבער'ן רהיין —

מערטען.

דאס איז א מהלך.

שנאַפּס.

און מען גיט זיך שוין זייט א האַלב יאָהר אלערליי מיה —

מערטען.

נו, נו, ווייטער.

שנאַפּס.

מיך צו געווינען פאר דער פרייהייט און גלייכהייט.

מערטען.

וואס רעדט איהר?

שנאפס.

אין פאריז קען מען מיין פערשטאנד —

מערטען.

אָווא ! אָווא !

שנאפס.

מיין פעהיגקייט.

מערטען.

מערקווירדיג.

שנאפס.

גענוג. די הערעַן יאקאבינער געהען מיר שוין נאָך זייט א האלב יאָהר, ווי די קאטץ ארום א הייסען רויך.

מערטען.

איך קען מיך ניט גענוג וואונדערן.

שנאפס.

ביז מען האט מיך פאראכטאָגען בעשטעלט אין שטאָדט.

מערטען.

איהר זאָלט קורירען א פרעמדען, וועלכער האט זיך צובראָכען א פוס. אזוי האט איהר געזאָגט.

שנאפס.

אזוי האט מען מיר געזאָגט.

מערטען.

מיר האבען זיך געוואונדערט.

שנאפס.

איך אויך.

מערטען.

זיינען דען אין שטאָדט ניטאָ קיין פעלדשערים ?

שנאפס.

גענוג, איך האב מיך געוואונדערט און געגאנגען.

מערטען.

דאס האט איהר גוט געטהאָן.

שנאפס.

איך האב געפונען מיין פאציענט.

מערטען.

טאקי ?

שנאפס.

און ווי איך האב אויפגעבונדען דעם פוס —

מערטען.

נו ?

שנאפס.

איז ער געזונד ווי מיינער.

מערטען.

וואס ?

שנאפס.

איך בין געוועזן ערשטוינט.

מערטען.

דאס גלויב איך.

שנאפס.

דער הערר לאכט —

מערטען.

נאטירליך.

שנאפס.

און פאלט מיר אויפ'ן האלז.

מערטען.

איז דאס מעגליך ?

שנאפס.

„בירגער שנאפס !" האט ער אויסגעשריען.

מערטען.

בירגער שנאפס ! מערקווירדיג.

שנאפס.

„טהייערסטער ברודער !"

מערטען.

און וואס נאָך?

שנאַפּס.

גענוג, ער האט מיר אלעס דערצעהלט.

מערטען.

און דאָן?

שנאַפּס.

אז ער איז א שליח פון יאַקאָבינער קלוב.

מערטען.

האט ער טאַקי אזוי אויסגעזעהען?

שנאַפּס.

ווי אַן אַנדערער מענש.

מערטען.

האט איהר קיין מורא ניט געהאט פאַר איהם?

שנאַפּס.

איך מורא האבען?

מערטען.

און איהר האט מיט איהם גערעדט, ווי מיט אייער גלייכען?

שנאַפּס.

געוויס! — אַלע מענשען זיינען גלייך!

מערטען.

וואס רעדט איהר!

שנאַפּס.

וואס זאָל איך פיעל דערצעהלען?

מערטען.

אַך, איך ליעב עס זעהר צו הערען.

שנאַפּס.

ער האט מיך אויפגענומען אין זיין געזעלשאַפט.

מערטען.

ווי איז צוגעגאַנגען?

שנאפס.

מיט פיעלע צערעמאָניען.

מערטען.

איך וואָלט זיי ועלען וויסען.

שנאפס.

איהר קענט אלעם זעהען.

מערטען.

ווי אזוי ?

שנאפס.

גיט נאָר אכטונג, דאָ, אין בארביער זאק, טראָג איך דאס גאנצע געהיימניס.

מערטען.

איז עס מעגליך ?

שנאפס.

קוקט אהער ?

מערטען.

לאָמיך זעהען.

שנאפס.

איינס נאָך אנאנדער.

מערטען.

זעהט נאָר !

שנאפס.

(נאָך א פויזע :) ערשטענס האט ער מיך נאָך אמאָל אומארמט.

מערטען.

א הערר‎ליכער הערר !

שנאפס.

דאס זאָל איהם דאנקען דער רוח !

מערטען.

איך האב ניט געוואוסט . . .

שנאפס.

דאן האט ער געבראכט — (נעהמט ארוים א רויט מיטצעל.)

מערטען.

אָט די רויטע יאַרמולקע? איהר זייט דאָך ניט פערהייראַטהעט?

שנאַפּס.

ווי נאַרריש — דאָס פרייהייטס היטעל.

מערטען.

לאָמיך נאַר זעהען.

שנאַפּס.

און דאָס מיר אָנגעטהאָן (לעגט עס אויפ׳ן קאָפּ).

מערטען.

איהר זעהט אויס גאַנץ פיין!

שנאַפּס.

דערנאָך דעם ראָק! (ער נעהמט ארויס א נאַציאָנאַל אוניפאָרמע.)

מערטען.

דאָס איז שוין גאַר א פיינער בגד.

שנאַפּס.

העלפט מיר, פּאַטער, עס איז אביסעל ענג.

מערטען.

(איהם העלפענדיג:) אָך, דאָס איז אביסעל א שטיקעל ארבייט! עס דריקט.

שנאַפּס.

דאָס איז די אוניפאָרמע פון פרייהייט!

מערטען.

מיר איז שוין בעסער מיין ברייטער בויערן ראָק.

שנאַפּס.

נו, זעהט נאָר, וואָס זאָגט איהר צום שווערט?

מערטען.

גוט!

שנאַפּס.

און די קאָקאַרדע?

מערטען.

איז דאס די נאציאָנאַל־קאָקארדע ?

שנאַפּס.

געוויס. (טהוט זיך אָן זיין הוט.)

מערטען.

ווי אייך פּאַסט שוין ניט דער אַלטער הוט.

שנאַפּס.

וואָלט איהר ניט וועלען אויך טראָגען אזא זאך ?

מערטען.

עס איז נאָך א פראגע.

שנאַפּס.

ווי דער פרעמדער האט מיך אָנגעטהאָן —

מערטען.

ער אליין ?

שנאַפּס.

געוויס. יעצט בעדאנקען מיר איינער דעם צווייטען.

מערטען.

דאס איז שעהן.

שנאַפּס.

אזוי האט ער געזאָגט —

מערטען.

איך בין נייגעריג.

שנאַפּס.

איך האב שוין דאָ א סך צוגעצויגען —

מערטען.

אויב אזוי, איז עס דאָך אמת !

שנאַפּס.

אבער קיינעם ניט געפונען, וועמען איך זאָל קענען מעהר פער־טרויען ווי אייך.

מערטען.

דאס איז שוין אביסעל גע'חנפ'עט.

שנאפס.

דערפאר ערפיעלט יעצט מיין האפנונג —

מערטען.

ווי אזוי?

שנאפס.

געהט צו אייערע פריינד און מאכט זיי בעקאנט מיט אונזערע פרינציפען.

מערטען.

לאמיר הערען וואס דאס איז.

שנאפס.

באלד! — און ווען איהר וועט טויזענד גוטע מענשען —

מערטען.

טויזענד? דאס איז פיעל!

שנאפס.

גוט־דענקענדע און בעהארצטע מענשען צוזאמען האבען —

מערטען.

נו?

שנאפס.

דאן פאנגט אן די רעוואלוציאן אין אייער דארף.

מערטען.

אין אונזער דארף? דא, אין אונזער דארף?

שנאפס.

געוויס!

מערטען.

גאט בעהיטע!

שנאפס.

אי, וואו דען?

מערטען.

וואס וויים איך? דא אדער דארט, איבעראל, נאר ניט דא!

שנאפס.

הערט נאר, יעצט קומט דאס וויכטיגסטע.

מערטען.

נאך דאס וויכטיגסטע?

שנאפס.

„פאנגט אן די רעוואלוציאן!" האט ער געזאגט.

מערטען.

דערבארעם דיך אויף אונז גאט!

שנאפס.

איך גיב אייך דא די גאנצע אויטאריטעט, און מאך אייך אויך פאר —

מערטען.

צו וואס?

שנאפס.

פאר בירגער־גענעראל!

מערטען.

גענעראל? — הערר שנאפס, הערר שנאפס! דאס שמעקט שוין ווידער נאך'ן אסט־אינדישען גענעראל־גאווערנער?

שנאפס.

שטיל, עס איז ניט די צייט פון שפאס.

מערטען.

עס שיינט.

שנאפס.

און צום צייכען גיב איך אייך דיעזע וואנצעס —

מערטען.

וואנצעס?

שנאפס.

וואס יעדער בירגער־גענעראל מוז טראגען.

מערטען.

איז דאס מעגליך ?

שנאַפּס.

(איהם צוקלעפּענדיג די וואָנצעס:) איצטער האט איהר א פּנים —

מערטען.

ביי מיין וואָרט !

שנאַפּס.

אַן אויטאָריטעט !

מערטען.

צום ערשטוינען !

שנאַפּס.

און אַן דער שפּיטצע פון די פרייע־געזינענע וועט איהר אויפטהון וואונדער.

מערטען.

אָהן א צווייפעל, הערר גענעראַל.

שנאַפּס.

מען זאָגט ניט: „הערר גענעראַל!" מען זאָגט: „מיין גענעראַל! בירגער־גענעראַל!" — דאס איז א מענש א הערר!

מערטען.

מיין גענעראַל!

שנאַפּס.

וואס ווינשט איהר, בירגער ?

מערטען.

איך בין בלויז א בויער.

שנאַפּס.

מיר זיינען אַלע בירגער.

מערטען.

זאָגט'זשע מיר, איך בעט אייך, וואס וועט זיין דערפון ?

שנאַפּס.

אין אונזערע פּרינציפּען הייסט מען אזוי.

מערטען.

אהין, הייסט עס, ציעלט מען?

שנאפס.

יא.

מערטען.

איך האב באלד געמיינט, אז דאס קומט ארויס אויף קלעפ.

שנאפס.

יעצט מוזט איהר הערען —

מערטען.

וואס'זשע?

שנאפס.

די פרינציפען, וואס איך וועל פאר אייך פארלעזען.

מערטען.

איך האב זיי שוין גאר פערגעסען.

שנאפס.

הערט!

מערטען.

(וועלכער נעהמט היין און צוריק, קומט צו צום פענסטער:) וועה!

שנאפס.

וואס איז נייעס?

מערטען.

הערר גענעראל! מיין גענעראל! גערגע קומט דורך'ן בארג!

שנאפס.

פערפלוכט!

מערטען.

הערר — מיין גענעראל! ער טראגט א גרויסען שטעקען.

שנאפס.

(קוקענדיג ארויס פון פענסטער:) איך בין אין א גרויסער פער־לעגענהייט.

מערטען.

דאס גלויב איך.

שנאפס.

מיינט איהר אפשר, געררגע'ן ?

מערטען.

ניין, דעם שטעקען.

שנאפס.

עס איז גיטא קיין ערגערעס ווי פעררראטהען צו ווערען.

מערטען.

דאס האט איהר רעכט.

שנאפס.

די גוטע זאך וועט ליידען, ווען מען וועט ערפאהרען אזוי פריה פון אונזערע אבזיכטען.

מערטען.

געוויס.

שנאפס.

בעהאלט מיך !

מערטען.

געהט ארויף אויפ'ן בוידעם.

שנאפס.

יא, יא !

מערטען.

בעהאלט זיך אונטער'ן היי.

שנאפס.

ריכטיג.

מערטען.

ענטלויפט, העדר געגעראל ! דער שונא איז נאהענט.

שנאפס.

גיך, גיט אהער דעם זאק. (ער נעהמט מיט דעם בארביער־זאק.)

מערטען.

ענטלויפט ! ענטלויפט !

שנאפס.

(וועהרענד ער קריכט אויף דער לייטער:) פערראטה מיך נאר ניט!

מערטען.

ניין, ניין!

שנאפס.

און דענקט ניט, אז איך האב מורא.

מערטען.

געוויס ניט!

שנאפס.

נאר חכמה!

מערטען.

דאס איז אלעס ווערטה!

שנאפס.

(פון אויבען, פערשווינדענדיג:) נאר חכמה!

## זיעבעטער אויפטריט

מערטען, גערגע מיט א שטעקען.

גערגע.

וואו איז דער לומפ?

מערטען.

ווער?

גערגע.

איז דאס אמת, פאטער?

מערטען.

וואס?

גערגע.

רייזע האט מיר דערצעהלט, אז אוועקגעהענדיג, האט זי געזעהען שנאפס'ן ארייגעהען אין הויז.

מערטען.

ער איז געקומען, אבער איך האב איהם באלד געוויעזען דעם וועג.

גערגע.

דאס האט איהר גוט געטהאָן. איך וואָלט איהם צובראָכען די הענד און פיס אין צווייען, ווען איך וואָלט איהם דאָ געטראָפען.

מערטען.

ביסט צו אויפגערעגט.

גערגע.

וואס ? נאָך אלע זיינע לומפעריייען ?

מערטען.

דאס איז פאָראיבער.

גערגע.

ער רוהט נאָך אלץ ניט. איצט, ווען רייזע איז מיין פרוי —

מערטען.

איז וואס ?

גערגע.

הערט ער ניט אויף אונז צו רייצען, אונז צו בעאונרוהיגען.

מערטען.

ווי טהוט ער עס ?

גערגע.

פארבייגעהענדיג האט ער געזאָגט צו רייזע'ן : „גוטען אבענד, רייזע ! ווי איהר שטעכט אלעמען אוים די אויגען ! דער אָפיציער, וואס איז דאָ פארבייגעריטען, האט נאָך אייך געפרעגט.״

מערטען.

דאס קען זיין.

גערגע.

אבער ווער פרעגט איהם ? ניין, עס זיינען לויטער ליגענס.

מערטען.

וואהרשיינליך.

גערגע.

פלוצלינג קומט ער און זאָגט: „דער פרעמדער, וואס האט גע־וואוינט אין שלאָס, האט אייך געליבט. ווילט איהר איהם בעזוכען אין שטאָדט? עס וועט איהם זעהר ליעב זיין. ער וואוינט אין דער לאַנגער גאַס, נומער 636.

מערטען.

דאס הייסט שוין קופלעריי.

גערגע.

ער איז אלעס אימשטאנד.

מערטען.

איך גלויב עס.

גערגע.

און רייזע גיט איהם איבער א גאָב, ווי ער פערדיענט, און דער לומפ איז אין כעס אויף איהר דערפאר. איך האב מורא, אז ער וועט אונז נאָך אָבטהאָן עפּעס א שפּיטצעל.

מערטען.

אזוי שלעכט איז ער דאָך ניט. ער מאכט בלויז שפּאַס.

גערגע.

א שעהנער שפּאַס. וואַרט, ביז איך וועל איהם טרעפען.

מערטען.

גיב אכטונג. דאס קאָסט שטראַף.

גערגע.

איך וועל דאס גערן בעצאָהלען. איך וועל עס איהם ניט פערגע־סען, וואס ער האט מיך איצט אָבגעריסען פון רייזע'ן. קען אודאי זיין, אז ער איז יעצט גאָר אין דרויסען ביי איהר. גיך, גיך, איך מוז אוועק!

(שנעל אָב.)

# אכטער אויפטריט

מערטען, דערנאך שנאפס.

מערטען.

א גליק, וואס ער רעכענט ניט, אז ער איז דא. דאס וואלט געווען א שעהנע בעגעגעניש. (ביים פענסטער.) ווי ער לויפט! ער איז שוין אויפ׳ן בארג. איצטער קען מיין גענעראל ווידער ארויסקומען פון זיין בעהעלטעניש. עס איז מערקווירדיג, וואס איצט דערגרייכען די ערגסטע מענשען די העכסטע שטעלען. מען לייענט עס אין אלע צייטונגען. דער דא, פון אויבען, טויג צו גאר ניט, און ער דערגרייכט אזא גרויסען כבוד! ווער ווייס וואס דערפון וועט נאך ווערען. דאס זיינען געפעהרליכע צייטען; מען ווייס גאר מעהר ניט, וועמען מען האט נעבען זיך. יעדענפאלס וועל איך איהם שמייכלען. ער וועט מיר נאך אמאל נוטצען. — מיין גענעראל!

שנאפס.

(ביי דער טהיר פון בוידעם. עס פאלט ארונטער היי:) איז ער שוין אוועק?

מערטען.

שוין ווייט אוועק.

שנאפס.

(בעדעקט מיט היי:) איך קום באלד.

מערטען.

איהר זעהט אויס פערצווייפעלט, גענעראל שנאפס.

שנאפס.

(זיך אבטרייסלענדיג אויף דער לייטער:) אין פעלד איז עס אויך ניט אנדערש; ניט אלעם קען מען האבען זויבער.

מערטען.

קומט שוין ארונטער.

שנאפס.

איז ער טאקי אוועק?

מערטען.

שוין לאנג אוועק. ער האט מורא געהאט, אז איהר וועט דערוייל צוגעהען צו רייזע׳ן.

שנאפס.

(ארונטערקומענדיג:) אויסגעצייכענט! יעצט שליעסט נאר צו די הויז־טהיר.

מערטען.

דאס זעהט אוים פערדעכטיג.

שנאפס.

בעסער פערדעכטיג ווי דערטאפט צו ווערען. שליעסט צו, פאטער מארטין. אין עטליכע ווערטער וועל איך אייך זאגען אלעס.

מערטען.

(געהענדיג:) גוט!

שנאפס.

ווען עמיצער וועט קלאפען, וועל איך איינפאקען און מיך ארויס־רוקען דורך דער הינטער־טהיר; און איהר וועט טהון וואס איהר ווילט.

## ניינטער אויפטריט

שנאפס, דערנאך מערטען.

שנאפס.

ווען איך זאל ביי איהם פריהער געווינען א פריהשטיק! אן אמת׳ע שאנדע! א רייכער מאן און אזוי קארג! (ער געהט ארום די שראנקען.) אלעס פערשלאסען, ווי געוועהנליך, און רייזע האט ווידער מיטגענומען די שליעסעל. — דערנאך דארף איך נאך האבען א פאאר ליבטהאלער אלס פאטריאטישע קאנטריבוציאן. (ווידער ביים שראנק.) די טהירען סקריפען, די שלעסער זיינען ניט זעהר גוט. דער מאגען פאדערט, דער בייטעל איז לעדיג. שנאפס! בירגער־גענעראל! נעהם זיך צו דער ארבייט! מאך א פראבע פון דיין האנדווערק!

מערטען.

(צוריק קומענדיג.) אלעס איז בעוואָרענט. איצט, מאכט עס קורץ.

שנאַפּס.

ווי עס וועט זיך לאָזען.

מערטען.

איך האב מורא די קינדער וועלען צוריק קומען.

שנאַפּס.

דאס וועט נאָך דויערן. ווען זיי זיינען אינאיינעם, ווייסען זיי גאָר ניט ווען עס איז מיטאָג און ווען עס איז אָבענד.

מערטען.

איהר סמייעט איבערהויפּט.

שנאַפּס.

הערט מיך אוים!

מערטען.

מאכט א סוף!

שנאַפּס.

(נאָך א פּויזע:) דאָך, ווען איך דענק איבער...

מערטען.

נאָך אמאָל דענקען?

שנאַפּס.

איהר זייט א קלוגער מענש, דאס איז אמת.

מערטען.

דאנק אייך.

שנאַפּס.

דאָך ניט שטודירט.

מערטען.

דאס בין איך ניט שולדיג.

שנאַפּס.

דעם גוטען, ניט געשטודירטען מענשען, וואס מען פלעגט אמאָל רופען דעם געמיינעם מענשען —

מערטען.

נו ?

שנאַפּס.

גיט בעסער צו פערשטעהען א זאך דורך א ביישפּיעל, דורך זיין אויפפיהרונג.

מערטען.

איך פערשטעה.

שנאַפּס.

אַלזאָ, צום ביישפּיעל. (ער געהט שנעל הין און צוריק און קלאַפּט זיך אָן אָן מערטענען.)

מערטען.

צום ביישפּיעל; דאס איז גראָב.

שנאַפּס.

פערצייהעט מיר, איך בין געוועזן אין א לוינע פון רעוואָלוציאָן.

מערטען.

די לוינע געפעלט מיר גאָר ניט.

שנאַפּס.

צום ביישפּיעל (צוגעהענדיג צו מערטענען).

מערטען.

שטעהט נאָר פון ווייטען.

שנאַפּס.

צום ביישפּיעל, מיר האבען זיך פעראייניגט.

מערטען.

ווער ?

שנאַפּס.

מירביידע און נאָך ניין הונדערט ניין און נייניציג.

מערטען.

עהרליכע לייט ?

שנאַפּס.

דאס איז טויזענד.

מערטען.

ריכטיג.

שנאַפּס.

געהען מיר בעוואפּענט צום ערדעלהויף, מיט ביקסען און פּיס־טוילען —

מערטען.

יא, יא!

שנאַפּס.

מיר געהען צום ערדעלהויף און שטעלען דעם ערדעלמאַן אויף אַ דאַפּראַס. דאַן קומען מיר אריין. (מאַכט ווי מען קומט אריין.)

מערטען.

(רייסט זיך אויס.) הערט נאָר, איך מוז אייך זאָגען, אז איך וויל ניט מיטגעהען. מיר זיינען דעם ערדעלמאַן שולדיג פיעל דאַנק.

שנאַפּס.

נאַררישקייטען! דאַנקבאַרקייט איז אַזאַ מין ארטיקעל, וואס איהר מוזט פאַראויס אַבשאַפען.

מערטען.

ווי איז דאס מעגליך?

שנאַפּס.

עס איז גאַנץ נאַטירליך. שאַפט עס אָב! איהר וועט אויסגעפינען, אז דער אונדאַנק איז די בעסטע זאַך אין דער וועלט.

מערטען.

דאס האב איך מיר גאָר ניט פאָרגעשטעלט.

שנאַפּס.

פּרובירט עס און קומט. מאַכט ניט קיין פוילע שטיק, עס איז אַ משל.

מערטען.

אָך, אַזוי בלויז אַ משל!

שנאַפּס.

(נעהמט איהם ווידער אויף אַ זייט:) איצטער קומען מיר אריין — אבער, ווייסט איהר וואס?

מערטען.

נו?

שנאפּס.

עס איז בעסער, אז איהר זאָלט פאַרשטעלען דעם עדעלמאַן. (ער פיהרט איהם אריעבער.) שטעלט זיך דאָ.

מערטען.

זאָל זיין אזוי.

שנאפּס.

איך קום מיט די בירגער סאָלדאַטען.

מערטען.

מיט די ניין הונדערט ניין און ניינציג?

שנאפּס.

אריעבער אדער ארונטער.

מערטען.

גוט.

שנאפּס.

„הערר!" זאָג איך —

מערטען.

נו?

שנאפּס.

ניין! דאס איז ניט געווען ריכטיג; קיינער זאָל ניט זיין קיין הערר.

מערטען.

ווי דען זאָל עס זיין?

שנאפּס.

ווארט — קורץ און גוט; אין נאָמען פון פרייהייט און גלייכ־הייט מאַכט אויף אייערע קעלערן און אייערע פּראָוויאַנטס־קאַמערן; מיר ווילען עסען און איהר זייט זאַט.

מערטען.

אויב עס איז נאָך טיש, קען זיין.

שנאַפּס.

מאַכט אויף אייערע גאַרדעראָבען, מיר זיינען נאַקעט!

מערטען.

פּע! איהר וועט דאָך ניט —

שנאַפּס.

ניט אַנדערש. — מאַכט אויף אייערע בייטלען, מיר האבען ניט קיין געלד.

מערטען.

דאס גלויבט אויך יעדער.

שנאַפּס.

איצט, ענטפערט!

מערטען.

יא, וואס זאָל איך זאָגען?

שנאַפּס.

וואס איהר זאָלט זאָגען?

מערטען.

יא.

שנאַפּס.

וואס קענט איהר זאָגען? איהר זייט א פערדאָרבענער. (צולויפענדיג צום שראַנק:) איהר האט פערשלאָסענע געוועלבען!

מערטען.

דאס איז רייזע'ס מילך שראַנק.

שנאַפּס.

פּע! איהר מוזט בלייבען ווי למשל דער עדעלמאַן.

מערטען.

אַך, איך פערשטעה.

שנאַפּס.

און איהר פערשפּאַרט די קאַסטענס!

מערטען.

קליידער זיינען דאָרט דאָ.

שנאפס.

וואו זיינען די שליעסעל?

מערטען.

רייזע האט זיי מיטגענומען. זי איז א גרויסע בעל־הבית'טע, גיט שטארק אכטונג; פערשליעסט אלעם און טראגט דארום די שליעסעל מיט זיך.

שנאפס.

אויסריידען! וואו זיינען די שליעסעל?

מערטען.

איך האב זיי ניט.

שנאפס.

דאן וועל איך זיי מוזען אויפברעכען. (ציהט ארוים דאס שווערט און לויפט צו צום שראנק.)

מערטען.

זייט איהר משוגע?

שנאפס.

דאס איז נאר א ביישפיעל.

מערטען.

זאל עס בעסער זיין.

שנאפס.

וואס, איהר ווילט רעוואלטירען? (ברעכט די לייסטען.)

מערטען.

איז דער רוח אין אייך?

שנאפס.

דאס מוז אפען זיין! (ער ברעכט.) קרעק! קרעק! קרעק!

מערטען.

(ארומלויפענדיג:) רייזע, רייזע, וואו ביסטו?

שנאפס.

(ברעכט:) עס געהט! קרעק! קרעק! קרעק!

מערטען.

גערגע! גערגע!

שנאפס.

האלט אייער מויל און געדענקט, אז איך ווייז עס אייך נאר אין אן ערצעהלענדער פארמע.

מערטען.

ערצעהלענדע פארמע? איך רעכען, אז מען קען דאס גאנץ גוט פיהלען מיט די הענד.

שנאפס.

שטעלט זיך פאר, אז איהר זייט יעצט דער עדעלמאן. (דער שראנק עפענט זיך דערווייל.)

מערטען.

גאט בעהיט מיך! דער שראנק איז אפען! די לייסטען זיינען אוועקגעבראכען, דער שלאס פערדארבען. וואס וועט רייזע זאגען? אוועק פון דאנען צום טייוועל! ווייסט איהר, אז איך קען דאס ניט ליידען? דיעזע זיינען גראבהייטען! געמיינהייטען! ווארט, איך וועל באלד ארייגרופען די שכנה, איך וועל געהען צום ריכטער.

שנאפס.

(העלכער האט זיך דערווייל אומגעקוקט אין שראנק און אונטער־זוכט די טעפ:) צום ריכטער? אייער טויט־פיינד? צו דעם שטאלצען לומפ?

מערטען.

א כאלערא!

שנאפס.

ווייסט איהר, אז איהר וועט מוזען ווערען ריכטער, ווען מיר וועלען דא האבען עררייכטעט די פרייהייט?

מערטען.

ריכטער? איך ווייס גאנץ גוט, ווי איך זאל זיין געהיימער ריכטער.

שנאפס.

דאס זיינען אנדערע צייטען; מען בעטריעגט מעהר קיינעם.

מערטען.

דאס וואָלט מיר ליעב געווען.

שנאפּס.

קיינער נעהמט מעהר ניט אוועק.

מערטען.

דאס וואָלט מיר געווען אנגענעהם.

שנאפּס.

נו, פאר אַלעמען —

מערטען.

זעהט איך זאָל ווערען ריכטער.

שנאפּס.

אָהן א צווייפעל. פאר אַלעמען אבער הערט וואס איך רעד.

מערטען.

די רעדע איז, אז מיר זאָלען צומאכען די שראנקען.

שנאפּס.

מיט גאָר ניט.

מערטען.

אז מיר זאָלען ווידער צונעגלען די לייסטען.

שנאפּס.

עס הייבט זיך גאָר ניט אָן. די רעדע איז, אז איהר זאָלט בע־גרייפען, פאר וואס מען האט מיך געמאכט פאר גענעראל.

מערטען.

דאס פערשטעה איך גאָר ניט.

שנאפּס.

אַלזאָ, עקזעמפּיל גראַטיא —

מערטען.

ווידער אן עקזעמפּיל, א ביישפּיעל?

שנאפּס.

מיר האבען דאָך גאָר ניט געהאט.

מערטען.

נאָך צו פיעל.

שנאַפּס.

איך זאָג אַלזאָ — (ער האלט א גרויסען מילך־טאָפּ און שטעלט איהם אויף דער ליסטע.)

מערטען.

אום גאָטעס ווילען, טשעפּעט נאָר ניט אָן דעם טאָפּ! רייזע זאָגט, אז דאס איז איהר בעסטער.

שנאַפּס.

דאס איז מיר אנגענעהם צו הערען.

מערטען.

נעהמט דאָך א קליינעם טאָפּ, ווען עס מוז אזוי זיין.

שנאַפּס.

ניין, איך דאַרף דעם גרויסען פאר מיין עקזעמפּיל.

מערטען.

דאַן זאָג איך איך בקיצור, אז איך וויל פון אלעמען גאָר ניט ווייסען.

שנאַפּס.

אזוי!

מערטען.

און איהר זאָלט זיך ארויסוואַרפען פון הויז.

שנאַפּס.

אך!

מערטען.

און אז איך וויל גאָר ניט הערען!

שנאַפּס.

איהר ווילט ניט הערען?

מערטען.

ניין!

שנאַפּס.

איהר ווילט גאָר ניט ווייסען?

מערטען.

ניין.

שנאפס.

גאָר ניט אָננעהמען ?

מערטען.

ניין.

שנאפס.

(ציהט ארוים זיין שווערט :) דאן ווייסט, אז איך וועל אייך עפּע־נען דעם שכל.

מערטען.

מיט'ן שווערט ? דאס איז ניט מיאוס.

שנאפס.

(צו איהם צוגעהענדיג :) ווייסט, אז עס איז אייער פליכט, איהר זאָלט לערנען, ערפאהרען פון נייע געדאנקען ; אז איהר מוזט ווערען קלוג, אז איהר מוזט ווערען פריי, אז איהר מוזט ווערען גלייך ; איהר מעגט וועלען אדער ניט.

מערטען.

(ביי דער זייט :) גערגע ! גערגע ! ווען דו זאָלסט נאָר אָנקומען ! איך וואָלט איהם שוין ניט בעהאלטען.

שנאפס.

הערט איהר ?

מערטען.

געוויס.

שנאפס.

און איהר האט מעהר קיינע אבנייגונג צו לערנען ?

מערטען.

גאָר ניט.

שנאפס.

אזוי איז עס גוט.

מערטען.

יא.

שנאפס.

נו, פאסט אויף.

מערטען.

יא.

שנאפס.

דיעזער טאפ שטעלט פאר א דארף.

מערטען.

א דארף?

שנאפס.

אדער א שטאדט.

מערטען.

מערקווירדיג.

שנאפס.

אדער א פעסטונג.

מערטען.

פלאי פלאים!

שנאפס.

יא, צום עקזעמפעל, א פעסטונג.

מערטען.

(ביי דער זייט:) ווען איך זאל נאר פטור ווערען פון עקזעמפעל.

שנאפס.

איך קום אן.

מערטען.

וואס איז?

שנאפס.

איך פאדער אייך אויף. טרעטענג! טרעטענג! (זיך נאכקריי־מענדיג א טראמפעט.)

מערטען.

משוגע אויף טויט.

שנאפס.

זי מאכט פוילע שטיק און וויל זיך ניט אונטערגעבען.

מערטען.

גאַנץ גוט. (ביי דער זייט:) ווען רייזע זאָל נאָר אָנקומען, צו ראַטעווען די פעסטונג.

שנאַפּס.

איך באָמבאַרדיר זי! פּוּ! פּוּ!

מערטען.

דאַס איז שלעכט.

שנאַפּס.

איך מאַך זיי דאָרט היים ווי אין גיהנום. לאָז זי גיט אָב טאָג און נאַכט. פּוּ! פּוּ! פּוּ! ביז זי גיט זיך אונטער.

מערטען.

דאַס איז ניט גוט.

שנאַפּס.

(געהט צו צום טיש:) און איך געה אריין.

מערטען.

עס וועט זיין פּאַסקודנע.

שנאַפּס.

(נעהמט דעם לעפעל:) איך פערזאַמעל די בירגערשאַפט.

מערטען.

א סוף!

שנאַפּס.

די אנשטענדיגע קומען גיך. דאַן זעטץ איך מיך אוועק. (זעטצט זיך.) און רעד צו זיי.

מערטען.

אָרעמער טאַפּ!

שנאַפּס.

„ברידער בירגער!" זאָג איך.

מערטען.

דאַס קלינגט גאַנץ פריינדליך.

שנאַפּס.

„לײַדער זעה איך אייך ניט פעראייניגט."

מערטען.

אין טאָפּ איז עס גאַנץ שטיל.

שנאַפּס.

„עס איז א היימליכע אויפרעגונג."

מערטען.

(צוהערענדיג:) איך שפּיר גאָר ניט.

שנאַפּס.

„איהר האט פערלאָזען דער ערשטען צושטאַנד פון דער פריי־הייט."

מערטען.

ווי אזוי?

שנאַפּס.

(מיט פּאַטהאָס:) „אזוי ווי איהר זייט צוזאַמען געווען רייַנע מילך, איז געווען איין טראָפּען ווי דער אַנדערער."

מערטען.

דאס איז אמת.

שנאַפּס.

„איצט זייט איהר אבער זויער געוואָרען."

מערטען.

די בירגער?

שנאַפּס.

„איהר האט זיך צוטהיילט."

מערטען.

וואס רעדט איהר!

שנאַפּס.

„און איך טרעף די רייכע, וואס ווערען פאַרגעשטעלט אונטער דער זויערער סמעטענע — "

מערטען.

ניט שלעכט.

שנאַפּס.

די רייכע שווימען אויבען.

מערטען.

די רייכע זיינען די זויערע סמעטענע? הא! הא!

שנאפס.

זיי שווימען אויבען! דאס איז ניט צו דערליידען!

מערטען.

ניין!

שנאפס.

איך וועל זיי אבשעפען! (שעפט אב אויף א טעלער.)

מערטען.

אוי וועה! דאס איז עס.

שנאפס.

און אזוי ווי איך האב אבגעהויבען די סמעטענע, געפין איך די שליפערמילך.

מערטען.

אודאי.

שנאפס.

מען דארף זי אויך ניט פעראכטען.

מערטען.

געוויס ניט.

שנאפס.

דאס איז דער שעהנער, פיינער מיטעלשטאנד.

מערטען.

די שליפערמילך—דער מיטעלשטאנד? וואס דאס איז פאר אן איינפאל?

שנאפס.

דערפון נעהם איך אויך. (שעפט אב.)

מערטען.

ער פערשטעהט א געשעפט.

שנאפס.

דאן ריהר איך זיי און לערען זיי ווי מען פערטראגט זיך.

מערטען.

וואס וועט איצטער זיין?

שנאפס.

(שטעהט אויף און געהט צום שראנק:) דאן זעה איך מיך ארום און געפין — (נעהמט ארויס א גרויס ברויט:) אן ערעלהויף.

מערטען.

דאס איז דאך א ברויט.

שנאפס.

די עדעללייט האבען תמיד דאס בעסטע לאנד; דערפאר ווערען זיי פארגעשטעלט אלס ברויט.

מערטען.

דאס געהט אויך אריין?

שנאפס.

געוויס. אלעם מוז ווערען גלייך.

מערטען.

(ביי דער זייט:) ווען ער זאל נאר ניט טראגען דאס שווערט! דאס מאכט אונזער שפיעל גאר ניט גלייך.

שנאפס.

דאן ווערט אויך דער נעטהיגער אבגעשניטען און —

מערטען.

(ביי דער זייט:) גערגע זאל נאר אנקומען!

שנאפס.

אויפ'ן רייבאייזען געריבען.

מערטען.

געריבען?

שנאפס.

יא, אום אבצורייבען דעם שטאלץ און איבערמוטה.

מערטען.

יא, יא.

שנאפס.

דאן ווערט ער אונטער די איבריגע אויסגעמישט.

מערטען.

זייט איהר שוין באלד פארטיג?

שנאפס.

(נאכדענקענדיג:) איצט פעהלען מיר נאר די גייסטליכע גיטער.

מערטען.

וואו זאל מען זיי נעהמען?

שנאפס.

איך געפין זיי דא אין א צוקערשאכטעל. (נעהמט די צוקער פושקע.)

מערטען.

(כאפט איהם אן ביים ארעם:) לאזט שטעהען! ריהרט עס ניט! רייזע ווענט מיר אימער אב צוקער פאר דער גאנצער וואך; דאס מוז מיר זיין גענוג.

שנאפס.

(אנכאפענדיג דאס שווערט:) בירגער!

מערטען.

געדולד!

שנאפס.

די גייסטליכע הערען האבען אימער די געשמאקסטע און די זיסעסטע —

מערטען.

עמיצער מוז עס דאך האבען.

שנאפס.

און זיי ווערען דערפאר פארגעשטעלט דורך'ן צוקער. דער ווערט אויך צוריבען.

מערטען.

וואס זאל איך טהאן?

שנאפס.

און איבערגעשאטען.

מערטען.

(ביי דער זייט:) איך האָף, אז דו וועסט דערפאר בעצאָהלען.
(ביים פענסטער:) הער, קומט ניט גערגע?

שנאַפּס.

און אזוי איז פארטיג די זויער־זיסע מילך פון פרייהייט און גלייכהייט.

מערטען.

(ביים פענסטער שטילערהייט:) עס איז גאָר ניט געוועז.

שנאַפּס.

קומט אהער. וואס טהוט איהר דאָרט ביים פענסטער?

מערטען.

מיר האט זיך געדאכט עמיצער קומט.

שנאַפּס.

קומט נאָר ניט גערגע? (ער שטעהט אויף.)

מערטען.

אלעס איז שטיל.

שנאַפּס.

לאָמיר זעהען. (געהט צו צום פענסטער און לעגט זיך אויף מערטען.)

## צעהנטער אויפטריט

די פריהערדיגע. גערגע, וועלכער כאפט זיך אריין דורך דער הינטער־טהיר.

גערגע.

(שטיל:) וואס פאר א רוח איז עס ביים פאָטער? זאָל דאס זיין שנאַפּס?

מערטען.

(ביים פענסטער:) קוועטשט מיך ניט אַזוי.

שנאפס.

איך מוז דאך זעהן. (לעהנט זיך ארויס.)

מערטען.

וואס?

שנאפס.

ווי מיינע סאלדאטען פיהרען זיך אויף.

גערגע.

עס איז זיין שטימע! ווי זעהט ער אויס?

שנאפס.

בראווא, מיינע גוטע פריינד!

מערטען.

מיט וועמען רעדט ער?

שנאפס.

זעהט איהר ניט ווי מיינע לייט טאנצען ארום פרייהייט'ס בוים?

מערטען.

זייט איהר משוגע? איך זעה גאר ניט.

גערגע.

וואס איז דאס? דער פאטער האט זיך מיט איהם גאר פערשלאפען? ווי ער איז עס פערשטעלט! א גליק וואס איך האב געטראפען די הינטער-טהיר.

שנאפס.

זעהט דאך ווי מען ווייזט אייערע ווייבער און טעכטער בעגריפע פון פרייהייט און גלייכהייט.

מערטען.

(וועלכער וויל זיך אויסרייסען, אבער שנאפס האלט איהם צוריק:) דאס איז זעהר מיאוס.

גערגע.

וואס זיי פלוידערן דארט! איך פערשטעה ניט. (זיך ארומקוקענדיג:) וואס זאל דאס בעדייטען? דער שראנק אפען? זויערמילך צורעכט געמאכט! דאס איז הפנים א פריהשטיק?

שנאַפּס.

(צו מערטען:) עס פרייט אייך דאָך, וואס אלעס איז איינינ און צופריעדען.

מערטען.

אין אייער קאָפּ איז א גאַנצער מיש־מאַש. איך זעה גאָר ניט.

געריגע.

(זיך צוריקציהענדיג:) איך מוז מיך איינהערען.

שנאַפּס.

(אָבלאָזענדיג מערטענען:) איך זעה אלעס אין גייסט; באלד וועט איהר עס זעהען פאר אייער הויז מיט די אויגען.

מערטען.

אין מיין הויז זעה איך שוין פאָראויס קיין גוטעס ניט.

שנאַפּס.

(נאָך אמאָל ארויסקוקענדיג פון פענסטער, שטילערהייט:) אלעס איז רוהיג און זיכער. איצט געשווינד צום מאָהלצייט. (געהט צום טיש.)

מערטען.

הלואי וואָלט איך דיך געזעהען ערגעץ אנדערש.

שנאַפּס.

אָך, דו ליעבענדע זופּע פון פרייהייט און גלייכהייט, זיי מיר געבענשט! — זעהט איהר?

מערטען.

וואס?

שנאַפּס.

איצט זעטצט זיך דער בירגער־גענעראל.

מערטען.

דאס זעה איך.

שנאַפּס.

און עסט עס אויף.

מערטען.

אליין?

שנאפס.

(עסענדיג:) ניין, ניין, מיט זיינע לייט.

מערטען.

דאס איז אנשטענדיג.

שנאפס.

זעטצט זיך, בירגער מערטען.

מערטען.

איך דאנק.

שנאפס.

עסט, עסט.

מערטען.

איך בין ניט הונגעריג.

שנאפס.

שעהמט זיך ניט פאר מיר; מיר זיינען אלע גלייך.

מערטען.

דאס מערק איך.

שנאפס.

איהר זייט א בראווער בירגער.

מערטען.

דערפון ווייס איך גאר ניט.

שנאפס.

איהר זאלט ווערען מיין קארפאראל.

מערטען.

פיעל עהרע!

שנאפס.

זעטצט זיך, מיין קארפאראל.

מערטען.

איהר שפאסט, מיין גענעראל.

שנאפס.

(אויפשטעהענדיג און מאכענדיג א קאמפלימענט:) מיין קאר־פאראל.

מערטען.

מיין גענעראל.

(גערגע, וועלכער האט זיך דערווייל ארויסגערוקט, ציעלט צו שנאפּס'ן מיט'ן שטעקען, אבער דער לעצטער בייגט זיך איין.)

שנאפּס.

וואס איז דאס?

גערגע.

מיין גענעראל!

מערטען.

בראוואָ, גערגע!

גערגע.

(שלאָגענדיג שנאפּס'ן:) מיין קאָרפּאָראל.

שנאפּס.

הייליגע פרייהייט, שטעה מיר ביי!

גערגע.

דאָ געפין איך דיך גאָר?

מערטען.

גיב איהם!

שנאפּס.

הייליגע גלייכהייט, נעהם דיך אָן פאר מיר!

גערגע.

זינג נאָר, איך וועל קלאפּען צום טאקט.

שנאפּס.

(ארויסציהענדיג דאס שווערט און פּרובירט זיך צו וועהרען:)
הייליגע רעוואָלוציאָנס געוואלט, בעפרייע מיך!

גערגע.

וואס? ווילסט דיך גאָר וועהרען?

מערטען.

גיב אכטונג, דער לומפּ איז פערצווייפעלט.

גערגע.

דער חזיר! ער וועט מיר בעצאָהלען. (דרינגט אויף שנאפּס'ן.)

שנאפּס.

וועה איז מיר!

גערגע.

דו זאָלסט קריעגען!

מערטען.

גיב אהער דאס שווערט!

גערגע.

(איהם ארויסשלאָגענדיג דאס שווערט:) איך האב איהם שוין.

שנאפּס.

(ענטלויפענדיג הינטער טיש און שטוהלען:) איצטער דארף מען קאפּיטולירען, זיך אונטערגעבען.

גערגע.

ארויס!

שנאפּס.

ליעבער בירגער, איך מאך בלויז שפּאס.

גערגע.

איך אויך! (קלאפּט און טרעפּט דעם טיש.)

מערטען.

טרעף איהם!

שנאפּס.

(קומט ארויס און לויפט ארום:) אדער זאָנסט —

גערגע.

(נאָך איהם:) דאס זאָל דיר ניט העלפען.

שנאפּס.

(צוקומענדיג צום פענסטער:) הילף! הילף!

גערגע.

(טרייבט איהם אוועק:) וועסטו שווייגען?

שנאַפּס.

פייער! פייער!

מערטען.

(פערלויפט איהם דעם וועג פון דער אנדערער זייט:) פערשטאָפּ איהם דאס מויל!

שנאַפּס.

(הינטער צוויי שטיהלען:) פערשווינט מיך, עס איז גענוג!

גערגע.

ווילסטו ארויסקומען?

שנאַפּס.

(ווארפט זיי די שטיהלען צו די פיס, ייי שפּרענגען צוריק.) דאָ האט איהר עס!

גערגע.

וואַרט נאָר!

שנאַפּס.

איך וואָלט בעדארפט זיין א נאַר. (שפּרינגט ארוים דורך דער הינטער־טהיר.)

גערגע.

איך וועל דיך נאָך כאַפּען. (לויפט איהם נאָך.)

מערטען.

(רייבט זיך דעם פוס, אויף וועלכען דער שטוהל איז געפאַלען און הינקט ביז צו ענדע.) דער שופט! מיין פוס! אבער ער האט אויך געקריעגען!

---

# עלפטער אויפטריט

מערטען, רייזע, דערנאָך גערגע.

רייזע.

(פון דרויסען:) פאָטער! פאָטער!

מערטען.

אוי וועה, רייזע! וואס וועט זי זאגען צו דער געשיכטע?

רייזע.

מאך אויף, פאטער. וואס איז דאס פאר א ליארם?

מערטען.

(ביים פענסטער:) איך קום, ווארט אביסעל.

גערגע.

(אריין דורך דער הינטער־טהיר.) דער לומפ! ער האט זיך איינ־געשפארט אין דער קאמער; איך האב איהם אבער באלד פעררינעלט פון דרויסען ער זאל ניט ענטלויפען.

רייזע.

פאטער! וואס איז דארט? מאך אויף!

גערגע.

דאס איז דאך רייזע.

מערטען.

געה, איך הינק. מאך איהר אויף די טהיר. (גערגע אב.) איצטער הייבט זיך אן דאס אונגליק. די ארעמע רייזע! דער שעהנער טאפ! (זעטצט זיך.)

גערגע.

(אריינקומענדיג מיט רייזע'ן:) זעה נאר, רייזע.

רייזע.

וואס איז דאס? וואס איז געשעהען?

גערגע.

דענק דיר —

רייזע.

מיין טאפ! פאטער, וואס איז דאס?

מערטען.

שנאפס —

גערגע.

שטעל דיר נאר פאר —

רייזע.

מיין שראנק! דער צוקער! (ארומלויפענדיג.) וועה! אוי וועה! שנאפּס? וואו איז ער?

גערגע.

זיי רוהיג, ער איז איינגעשפּארט.

רייזע.

דאס איז גוט. מיר וועלען איהם באלד איבערגעבען צום געריכט. זיי קומען באלד.

מערטען.

(אויפשפּרינגענדיג און הינקענדיג:) ווער?

רייזע.

די שכנים זיינען געלאָפען צום ריכטער, ווען זיי האבען געהערט א ליארם אין הויז.

מערטען.

צום ריכטער? וועה, מיר זיינען פערלוירען.

רייזע.

מיין שעהנער טאָפּ!

גערגע.

ער זאָל דערפאר בעצאָהלען.

מערטען.

הערט מיך, קינדער, הערט מיך. פערגעסט דעם טאָפּ און אלעס.

רייזע.

פאר וואס?

מערטען.

שווייג און הער. מיר דארפען ניט פערראטהען שנאפּס'ן; מיר מוזען איהם פערלייקענען.

גערגע.

א שעהנע זאך!

מערטען.

הערט דאך, מיר זיינען אלע פערלוירען, ווען זיי וועלען איהם געפינען. ער איז א שליח פון יאקאָבינער קלוב.

רייזע.

אונמעגליך! דער שופט?

מערטען.

פאר וואס ניט? זיי וועלען איהם געפינען אין דער אוניפאָרם און ער קען עס ניט לייקענען.

גערגע.

יא, ער טראָגט א אוניפאָרמע.

מערטען.

און מען וועט אונז חושד זיין, מען וועט אונז ארעסטירען און נאָך שטעלען פאר'ן געריכט. גאָט וויים!

גערגע.

מיר קענען דאָך אבער זאָגען —

מערטען.

געה גיך און זאָג, אז עס איז גאָר ניט געוועז.

גערגע.

זיי זאָלען נאָר גלויבען. (שנעל אָב.)

רייזע.

איך בין ניט צופריעדען. מיין שעהנער טאָפּ.

מערטען.

נאַררישקייטען. דענק בעסער ווי צו ראַטעווען אונזערע קעפּ.

רייזע.

מען פערלירט זיי ניט אזוי גיך. דארפסט נאָר זאָגען, אז דער לומפּ האט אייך געוואָלט איבעררעדען, האט איהם גערגע צובראָכען די ביינער.

מערטען.

דאס איז ניט שלעכט! פארוואָס איז דיר עס ניט באַלד איינגעפאלען? איצט איז גערגע ארונטער און פערלייקענט איהם; איצט זיינען מיר ערשט אונטער א חשד. אן אונגליק! אן אונגליק!

רייזע.

שלימזל!

# צוועלפטער אויפטריט

די פאָריגע, דער ריכטער, גערגע, בויערן.

ריכטער.

(אריינדרינגענדיג:) ניין, ניין, איך מוז די זאַך אונטערזוכען.

גערגע.

(איהם אָבהאַלטענדיג:) עס איז גאָר ניט.

מערטען.

מוז איך דען זעהען דעם ריכטער אין מיין הויז? איך, אונגליק־ליכער מענש!

רייזע.

בעמיהט זיך ניט, הערר ריכטער.

ריכטער.

קיין בעמיהען. עס איז שולדיגקייט. ווער האט געשריען „פייער"?

רייזע.

עס איז געווען א שפּאַס.

ריכטער.

דאס איז ניט קיין שפּאַס. ווער האט גערופען אום הילף?

רייזע.

איך — איך — איך האָב מיך געשפּיעלט מיט גערגע'ן.

ריכטער.

זיך געשפּיעלט?

רייזע.

(פיהרט ארום דעם ריכטער און דערצעהלט, וועהרענד ער איבער־לעגט זיך.) דאָ, אין דיעזען מילך־שראַנק, האב איך געהאַט א שעהנעם טאָפּ מיט זויער־מילך, — פערשלאָסען דעם שראַנק און אוועקגעגאַנ־גען — איז געקומען גערגע — וואַרט נאָר, גערגע! — איז געקומען גערגע און געהאט אפּעטיט — און אויפגעבראָכען דעם שלאָס.

ריכטער.

אי! אי!

רייזע.

און אבגעשעפט דעם טאפ — און זיך צורעכט געמאכט א פריה־שטיק — דא שטעהט עס נאך — בין איך אהיים געקומען — געווארען בייז — און — איהם געגעבען א פאטש — האט ער מיך געכאפט — מיך געקיצעלט. האב איך געשריען, האבען מיר זיך געראנגעלט, אומ־געווארפען שטוהלען — איז איין שטוהל געפאלען דעם פאטער אויפ'ן פום — א יא, פאטער?

מערטען.

איהר זעהט דאך, ווי איך הינק.

רייזע.

האב איך נאך ערגער געשריען — און —

ריכטער.

און דא האב איך געזאגט דעם ריכטער א ליעגען.

רייזע.

איך זאג ניט קיין ליעגען.

ריכטער.

איך גלויב, אז איהר ווייסט עס אליין ניט, אזוי גלאט געהט עס אייך פון מויל. גלויבט איהר ניט, אז מען ווייס עס בעסער?

גערגע.

וואס מיינט איהר?

ריכטער.

(צו רייזע'ן:) זייט איהר ניט נאר וואס פארבייגעגאנגען נעבען מיין הויז?

רייזע.

יא.

ריכטער.

האט איהר ניט בעגעגענט אט דיעזע לייט?

רייזע.

איך געדענק ניט.

ריכטער.

(צו די בויערן:) האט זי אייך ניט בעגעגענט?

א בויער.

יא, און זי האט מיט אונז גערעדט, און מיר האבען איהר געזאָגט אז ביי איהר פאָטער איז א גרויסער ליארם.

מערטען.

אויב אזוי איז אלעס פארביי.

רייזע.

שלימזל!

גערגע.

אזוי געהט עס מיט אויסריידען.

ריכטער.

זעהט איהר שוין? וואס זאָגט איהר דערצו? (זיי קוקען זיך אָן; דער ריכטער געהט אויף און אָב און געפינט שנאַפּס'ס היטעל.) אָהאָ? וואס איז דאס?

גערגע.

איך וויים ניט.

ריכטער.

(קוקט זיך אום און זעהט דעם הוט מיט דער קאָקארדע.) און דאס?

רייזע.

איך פערשטעה עס ניט.

ריכטער.

(ווייזט זי מערטענען:) נו, אפשר ווייסט איהר? פיעללייכט פערשטעהט איהר?

מערטען.

(פאר זיך:) וואס זאָל איך זאָגען?

ריכטער.

איהר וועט דאס מוזען ערקלערען. דאס איז א פרייהייטס־היטעל. דאס איז א נאַציאָנאַל קאָקארדע. א שעהנע ענטדעקונג! איצטער זייט איהר פערשטומט, ווייל דאס איז צו דייטליך. — אין דיעזען הויז אין

אַלזאָ א קלוב פון פערשווערער, די צוזאַמענקונפט פון פעררעטהער, דער פּלאַטץ פון רעבעלען? — א גליק וואס איך האב דאס געפינען! — איהר האט זיך אודאי פעראייניגט, ווי די פראַנצויזען — און דאַן האט איהר זיך צושלאָגען — זיך אליין פעררעטהען. דאס איז שעהן! — לאָמיר ווייטער הערען.

רייזע.

ליעבער הערר ריכטער!

ריכטער.

זאָגסט זייט איהר עס אזוי שטאָלץ. איצט קומט איהר בעטען.

גערגע.

איהר מוזט וויסען —

ריכטער.

איך מוז? — באלד וועט איהר אַנדערש רעדען.

מערטען.

הערר קוואַטער!

ריכטער.

בין איך שוין ווידער א קוואַטער?

רייזע.

זייט איהר ניט מיין קוואַטער?

ריכטער.

פון דאַמאָלס אָן האט זיך שוין פיעלעס געענדערט.

מערטען.

לאָזט אונז דערצעהלען —

ריכטער.

שווייגט! איהר דאַרפט גאָר צו מיר ניט קומען! האט איהר ניט אפשר שוין געמאַכט פּלענער פאר'ן פרייהייטס בוים? האט איהר ניט אפשר שוין אָבגערעדט מיך דעם ערשטען אויפצוהענגען? מען זוייס ווי דאס אונרוהיגע פאָלק רעדט יעצט פון זיינע אויבערהעררען און ווי עס דענקט פון זיי. עס וועט דעם פאָלק איבערגעהען די גאַל און אייך אויך! שוין זאָלט איהר מיר געהען צום געריכטסהאַלטער! עס מוז פערזיעגעלט און געצייכענט ווערען. דאָ געפינט זיך וואפען, פולווער, קאָקאַרדען. עס מוז זיין אַן אונטערזוכונג! קומט! געהט!

מערטען.

איך אונגליקליכער!

רייזע.

דאן לאָזט איך ערקלערען, הערר ריכטער.

ריכטער.

נאָך עפּעס א ליעגען, מאַמזעל רייזעלע? אוועק! אוועק!

גערגע.

ווען עס קען אַנדערש ניט זיין, דאן זאָל שנאַפּס אויך מיטגעהען. דאן וועט זיך אַלעס אויפקלערען.

ריכטער.

וואס רעדט איהר פון שנאַפּס'ן?

גערגע.

איך זאָג —

רייזע.

(ביים פענסטער:) צום גליק, קומט דער גנעדיגער הערר.

ריכטער.

ער וועט עס גיך גענוג ערפאַהרען.

גערגע.

רוף איהם!

רייזע.

גנעדיגער הערר! גנעדיגער הערר! העלפט! העלפט!

ריכטער.

שווייגט! ער וועט איך ניט העלפען; עס וועט איהם פרייען, וואס אַזעלכע שלעכטע ברואים זיינען ענטדעקט געוואָרען. דאן איז עס א זאַך, וואס בעלאַנגט צו דער פּאָליציי, צום קרימינאַל; עס געהערט צו מיר, צום גריכטסהאַלטער, צו דער רעגיערונג, צום פירסט! מען מוז פון איך מאַכען אן עקזעמפּעל!

מערטען.

אָט האט איהר דעם עקזעמפּעל!



## דרייצעהנטער אויפטריט

די פריהעריגע, דער עדעלמאַן.

עדעלמאַן.

קינדער, וואס איז נייעס ?

רייזע.

העלפט אונז, גנעדיגער הערר !

ריכטער.

זעהען אייערע עהרווירדיגע גנאַדען, וואס עס טהוט זיך אין הויז ?

עדעלמאַן.

וואס איז דען ?

ריכטער.

א פרייהייטס-היטעל.

עדעלמאַן.

מערקווירדיג.

ריכטער.

א נאַציאָנאַל קאָקאַרדע.

עדעלמאַן.

וואס זאָל דאס בעדייטען ?

ריכטער.

פערשווערונג ! אויפרוהר ! הויכפערראַטה ! (ער האַלט דאס היטעל און די קאָקאַרדע אין איין האַנד און דאַן נעהמט ער זיי מיט.)

עדעלמאַן.

ערלויבט מיר צו פרעגען.

ריכטער.

לאָמיר אונטערזוכען. ווער וויס, וואס עס געפינט זיך דאָ נאָך אין הויז ?

עדעלמאַן.

שטיל !

רייזע.

גנעדיגער העדר!

עדעלמאַן.

ווער זיינען דיעזע זאכען?

מערטען.

שנאַפּס האט זיי געבראַכט מיט זיך.

גערגע.

ווען איך בין ניט געווען אין דער היים.

מערטען.

ער האט אויפגעבראָכען די שראַנקען —

רייזע.

זיך גענומען צו די מילך־טעפּ —

מערטען.

און געוואָלט מיך אונטעררייכטען אין דער גלייכהייט און פריי־הייט.

עדעלמאַן.

וואו איז ער?

גערגע.

אין דער הינטערקאַמער. ער האט זיך דאָרט פערשפּארט, ווען איך בין איהם נאָכגעלאָפען.

עדעלמאַן.

ברענגט איהם אהער! (גערגע מיט דעם ריכטער און בויערן אָב.)
ווי מיר שיינט, איז דאס שוין ווידער עפּעס א שפּיטצעל פון דעם הערר שנאַפּס.

מערטען.

ניט אנדערש.

עדעלמאַן.

ווי איז ער אריינגעקומען אין הויז?

מערטען.

ווען מיינע קינדער זיינען ניט געווען.

רייזע.

ער האט מורא פאר גערגע׳ן.

מערטען.

ער האט מיך געמאַכט נייגעריג.

עדעלמאַן.

מען זאָגט, אז איהר זייט עס אויך אמאָל.

מערטען.

פערצייהעט מיר!

עדעלמאַן.

און אביסעלע לייכטגלויביג דערצו.

מערטען.

ער האט זיך מיר פאָרגעשטעלט, אז ער ווייסט די וויכטיגסטע זאכען.

עדעלמאַן.

און האט אייך אָבגענארט.

מערטען.

אזוי זעהט עס אוים.

רייזע.

אלעס וואס ער האט געוואָלט, איז געווען אן איבערבייסען. זעהט נאָר, גנעדיגער העהר, וואס פאַר א שעהנע זויער־מילך ער האט זיך צורעכט געמאַכט, מיט געריבענעם ברויט און צוקער און מיט אלעמען. איצטער מוז מען אלעס אוועקווארפען. קיין אנשטענדיגער מענש קען דאס עסען, ווייל דער שמוטציגער יונג האט דאריבער געהאט זיין פיסק.

עדעלמאַן.

ער האט אלזאָ בלויז געוואָלט אן איבערבייסען?

מערטען.

יא. ער האט געזאָגט, אז ער איז געשיקט געוואָרען פון די יאקאָ־בינער.

עדעלמאַן.

און וואס נאָך?

מערטען.

ער האט זיך אָנגעטהאָן אין אוניפאָרם און זיך בעוואפענט.

עדעלמאַן.

משוגע!

מערטען.

ער האט געזאָגט, אז ער איז בירגער־גענעראל, און ער איז מיט יעדען אויגענבליק גרעבער געוואָרען.

עדעלמאַן.

עס איז שוין אזא מאָדע.

מערטען.

צום ערשטען איז ער געווען פריינדליך און פערטרויעט, דערנאָך איז ער געוואָרען ברוטאל, צובראָכען דעם שראַנק און גענומען וואס ער האט געוואָלט.

עדעלמאַן.

פונקט ווי זיינע קאָלעגען.

מערטען.

ער האט מיר שלעכטס געטהאָן.

עדעלמאַן.

נאָך ניט אזוי שלעכט ווי די פּראָווינצען, וואו זיין גלייכען האט גע'בעל'הבית'עוועט; וואו גוטמוטהיגע נאראָנים האבען זיי אין אָנפאנג אויפגענומען, וואו זיי האבען אָנגעהויבען מיט שמייכלערייען און פערשפּרעכונגען, דאַן געוואַלט, רויב, די פערשיקונג פון עהרליכע לייט און געענדיגט מיט אלערליי שלעכטיגקייטען. דאנקט גאָט, וואס איהר זייט אזוי אָבגעקומען.

רייזע.

איהר שיטצט אונז, אלזאָ, גנעדיגער העהר?

עדעלמאַן.

עס שיינט, אז איהר האט זיך אין גאָר ניט פערשולדיגט.

מערטען.

זיי קומען שוין.

# פערציהנטער אויפטריט

די פריהעריגע, גערגע, ריכטער, שנאַפּס אין דער אוניפאָרמע מיט'ן שווערט און וואַנצעס, געפיהרט פון די בויערן.

עדעלמאַן.

קומט נאָר אהער, הערר גענעראַל!

ריכטער.

אַט דאס איז דער רעדעלפיהרער! קוקט איהם נאָר אָן! אַלעס ווי די צייטונגען שרייבען. אוניפאָרם! שווערט! (ער טהוט איהם אָן דאס היטעל אויפ'ן קאָפּ.) מיט'ן היטעל! אַט אזוי זאָל ער שטעהען אין קונע! געשווינד צום געריכטס־האַלטער! אין קייטען און שטריק זאָל מען איהם ברענגען אין דער רעזידענץ!

עדעלמאַן.

פּאוואַליע! פּאוואַליע!

ריכטער.

מען מוז אָבשיקען שלוחים. דער חברה־מאַן איז ניט אַליין. מען מוז איהם מאַטערן און פון איהם ארויסקריעגען ווער זיינע שותפים זיינען. מען מוז ארויסשיקען רעגימענטען און מאכען אַן אונטערזוכונג אין די הייזער.

עדעלמאַן.

לאָזט געמאַך! — שנאַפּס, וואס זיינען דאס פאר א מין פוילע שטיק?

שנאַפּס.

אמת, פוילע שטיק.

עדעלמאַן.

פון וואנען האָסטו די קליידער? גיך, איך וויים שוין.

שנאַפּס.

איהר קענט דאס ניט וויסען, גנעדיגער הערר, ווייל איך האב גע'ירשה'ענט די קליידער מיט'ן גאנצען מיליטערישען אפּאראַט פון אַן אָרעמען יונג.

עדעלמאַן.

גע'ירשה'ענט? האָסט דאָך גאָר געהאַט א טבע צו גנב'ענען?

שנאַפּס.

הערט מיך אויס.

מערטען.

וואס וויל ער זאָגען?

שנאַפּס.

ווען דער לעצטער טראַנספּאָרט פראַנצויזישע קריעגס־געפאַנגענע איז געבראַכט געוואָרען אין שטאָדט אריין —

עדעלמאַן.

נו?

שנאַפּס.

האב איך מיך, אויס נייגיעריגקייט, אריינגע'גנב'עט.

עדעלמאַן.

ווייטער!

שנאַפּס.

איז אין ווירטהסהויז פון דער שטאָדט, געבליעבען ליעגען אַן אָרעמער טייוועל, וועלכער איז געווען זעהר קראַנק.

ריכטער.

דאס איז געווים א ליעגען.

שנאַפּס.

איך האב מיך געזעטצט נעבען איהם, און ער איז געשטאָרבען.

עדעלמאַן.

דאס קען שוין זיין.

שנאַפּס.

ער האט אויף מיר אָבגעזאָגט זיינע זאכען, פאר דער מיה, וואס איך האב מיר גענומען —

עדעלמאַן.

איהם אומצוברענגען.

שנאַפּס.

דאס איז בעשטאַנען פון דיעזען ראָק און שווערט.

עדעלמאַן.

און דאס היטעל? די קאָקאַרדע?

שנאַפּס.

האב איך געפונען אין זיין מאַנטעל-זאַק צווישען אנדערע שמאַטעס.

עדעלמאַן.

דאָרט האט ער אויך געפונען זיין פּאַטענט אלס גענעראל.

שנאַפּס.

איך בין אהער געקומען און געטראָפען דעם נארישען מערטען.

מערטען.

דעם נארישען מערטען? דער אונפערשעהמטער!

שנאַפּס.

ליידער איז עס מיר געלונגען בלויז אויף דער העלפט; איך האב ניט געקענט אויפעסען די שעהנע מילך, וואס איך האב פערבראָקט. איך האב מיך דאריבער ניט געקענט איינפערשטעהען מיט גערגע'ן—

עדעלמאַן.

קיינע אויסריידען! איז דאס אלעס די ריינע וואהרהייט, וואס דו זאָגסט?

שנאַפּס.

פרעגט זיך נאָך אין שטאָדט. איך וועל אייך דערצעהלען, וואו איך האב פערקויפט דעם מאַנטעלזאַק. דיעזע גארדעראָבע האב איך אהער געבראַכט אין מיין בארביער בייטעל.

עדעלמאַן.

אלעס וועט זיך אויסגעפינען.

ריכטער.

גלויבט איהם ניט!

עדעלמאַן.

איך וויים וואס איך האב צו טהון. אויב אלעס איז אמת, וואס ער זאָגט, וועל איך איבער א קלייניגקייט מיך ניט שטעלען; דאס קען נאָר ארויסרופען שרעקען און מיסטרויען אין א רוהיגעם לאנד. מיר

האבען נאָר ניט וואס מורא צו האבען. קינדער, ליעבט אייך, בע־אַקערט אייער פעלד און האלט אייער הויז אין אָרדנונג.

רייזע.

מיר וועלען דאס שוין טהון.

גערגע.

דערביי בלייבט עס.

עדעלמאַן.

און פאַר אייך, אלטער, זאָל עס זיין א לעהרע; ווען איהר פער־שטעהט זיך אויף דער היגער לאַנדסאַרט און וועטער און איהר ריכטעט נאָך דעם אייער זעען און תבואה ארונטערנעהמען. לאָזט פרעמדע לענ־דער פאַר זיך אליין זאָרגען. דעם פאָליטישען הימעל זאָלט איהר בע־טראַכטען אין א זונטאג און אין א יום טוב.

מערטען.

אזוי וועט טאַקי זיין דאס בעסטע.

עדעלמאַן.

יעדער זאָל ביי זיך אָנפאַנגען, און ער וועט האבען גענוג צו טהון. מען דארף בענוטצען די פריעדליכע צייט וואס מיר האבען; מען דארף שאפען פאַר זיך און די זייניגע א רעגעלמעסיגען פאָרטהייל, דאן ברענגט מען זיך א גאַנצען פאָרטהייל.

ריכטער.

(וועלכער האט דערווייל געוויעזען זיין אונגעדולד, און ער פאַלט אריין אין די רייד:) אבער דערביי איז דאָך אונמעגליך עס זאָל בליי־בען! בעדענקט נאָר דעם רעזולטאַט! ווען אזא זאַך זאָל אָבגעהען ניט בעשטראָפט —

עדעלמאַן.

נאָר רוהיג! אונצייטיגע גבאָטע, אונצייטיגע שטראָפען ברענגען ערשט ארוים אלע צרות. אין א לאַנד, וואו דער פירסט פערשליעסט זיך פאַר קיינעם ניט, וואו אלע קלאַסען לעבען בשלום, וואו ניעמאַנד איז געשטערט, וואו ניטצליכע אנזיכטען און קענטניסע ווערען אלגע־מיין פערברייטעט, דאָרט וועלען קיינע פאַרטייען ענטשטעהען. וואס עס געשעהט אין דער וועלט, וועט ארויסרופען אויפמערקזאַמקייט;

אבער אויפריהרערישע געדאנקען פון פרעמדע נאציאנען וועלען ניט האבען קיין איינפלוס. מיר וועלען דאנקבאר זיין אין דער שטיל, וואס מיר האבען א לויטערן הימעל, בשעת דאס שרעקליכע וועטער פער־האגעלט שעהנע לאנקעס.

רייזע.

אך, ווי גוט עס איז איך צו הערען!

גערגע.

ריכטיג, רייזע! — רעדט נאר ווייטער, גנעדיגער הערר!

עדעלמאן.

איך האב שוין אלעס געזאגט. (ציהט ארויס שנאפס'ן.) און וויפיעל האט עס ווערטה, וואס מיר קענען איבער דיעזער קאקארדע, היטעל, ראק, ענדליך יעצט לאכען, נאכדעם זיי האבען פעראורזאכט אזוי פיעל אונגליק אין דער וועלט?

רייזע.

יא, הערר שנאפס, איהר זעהט טאקי נאר אויס אויף א גע־לעכטער!

גערגע.

אזוי נארריש!

שנאפס.

איך מוז שווייגען. (קוקענדיג צו דער מילך:) ווען איך זאל נאר, פאר מיין אוועקגעהען, קענען מיטנעהמען די אנדערע העלפט פון מיין פאטריאטישער קאנטריבוציאן.

רייזע.

א מכה! אזוי גוט וועט עס איך ניט געהען!



## פערזאנען:

---

די גרעפין.
פריעדעריקע, איהר טאָכטער.
קאַרל, איהר זוהן.
דער באַראָן, א פעטער.
דער האָפראַטה.
ברעהמע פאָן ברעהמענפעלד, ארצט.
קאַראָלינע, ברעהמע׳ס טאָכטער.
לואיזע, ברעהמע׳ס פּלימעניצע.
דער מאַגיסטער, הויפמייסטער פון יונגען גראַף.
דער אַמטמאַן (ריכטער).
יאַקאָב, יונגער לאַנדמאַן און יעגער.
מארטין
אלבערט } לאַנדלייט.
פעטער
געאָרג, גראַף׳ס דיענער.

# ערשטער אויפצוג

## ערשטער אויפטריט

(אַן אָרעמעס וואוינצימער, אויף דער וואַנד צוויי בילדער, פון א מאַן און א פרוי אין די קליידער ווי זיי פלעגען טראָגען פאר פופציג און זעכציג יאָהר.)

**נ א כ ט.**

(לואיזע, ביי א טיש, וואו עס שטעהט א ליכט, שטריקט. קאַראָ־לינע, אין א גרויספאָטער־שטוהל, געגענאיבער, שלאָפט.)

לואיזע.

(האַלטענדיג אין דער הויך א געענדיגטען געשטריקטען זאָק:) נאָך א זאָק! איצט וואָלט איך וועלען, דער אָנקעל זאָל אהיים קומען, ווייל איך האב קיין חשק ניט אַן אנדערן אָנצופאַנגען. (שטעהט אויף און געהט צום פענסטער.) היינט בלייבט ער אוים אונגעוועהנליך לאַנג, זאָנסט קומט ער דאָך אַרום עלף א זייגער, און איצטער איז שוין האַלבע נאַכט. (געהט ווידער צו צום טיש:) וואס פאַר א גוטעס אדער שלעכ־טעס די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן טהוט אויף, ווייס איך ניט; אזוי פיעל ווייס איך אבער יא, אז היינטיגען ווינטער ברענגט זי מיר איין א פּאָאַר זאָקען. די שטונדען, וואס איך מוז יעצט וואַרטען און וואַכען, ביז הערר ברעהמע קומט אהיים, וואָלט איך פערשלאָפען, און אזוי שטריק איך; ער וויעדער פערפּלוידערט די צייט, וואס ער פלעגט אַמאָל פערשלאָפען.

קאַראָלינע.

(רעדענדיג פון שלאָף:) ניין, ניין, ניין, פּאָטער!

לואיזע.

(זיך דערנעהנטערענדיג צום שטוהל:) וואס איז נייעס, ליעבע מוהמע? — זי ענטפערט ניט! — וואס קען זיין מיט דער מיידעל? זי איז שטיל און אונרוהיג; ביי דער נאכט שלאפט זי ניט, און איצט, ווען זי איז איינגעשלאפען פאר מיעדקייט, רעדט זי אין חלום. זאל עפעס זיין אין מיין חשד? איז עס מעגליך, אז דער באראן האט, אין עטליכע טעג, געמאכט אויף איהר אזא גיכען און שטארקען איינדרוק? וואונדערסטו דיך, לואיזע, און האסטו ניט אליין ערפאהרען, ווי די ליעבע ווירקט, ווי שנעל און ווי שטארק?

---

# צווייטער אויפטריט

---

די פאריגע, געארג.

געארג.

(אויפגערעגט:) ליעבע מאמזעלעלע, גיט מיר נאר געשווינד, געשווינד....

לואיזע.

וואס, געארג?

געארג.

גיט מיר נאר די פלאש!

לואיזע.

וואס פאר א פלאש?

געארג.

אייער הערר אנקעל האט געזאגט, אז איהר זאלט מיר געשווינד געבען די פלאש; זי שטעהט אין דער קאמער, אויפ'ן ברעט אין דער רעכטער האנד.

לואיזע.

דאָרט שטעהען פיעלע פלעשער, וועלכע מיינסטו ?

געאָרג.

מיט ספּירט.

לואיזע.

דאָרט געפינט זיך אַלערליי ספּירט. האט ער דיר ניט דייטליכער ערקלערט ? צו וואס דאַרף ער עס ?

געאָרג.

ער האט עס מיר אפילו געזאָגט, אבער איך בין געוועז אזוי דער־שראָקען. אַך, דער יונגער הערר —

קאַראָלינע.

(וועלכע האט זיך אויפגעכאַפּט פון'ם שלאָף :) וואס איז נייעס ? — דער באַראָן ?

לואיזע.

דער יונגער גראַף !

געאָרג.

ליידער, דער יונגער גראַף.

קאַראָלינע.

וואס איז מיט איהם געשעהען ?

געאָרג.

גיט מיר דעם ספּירט.

לואיזע.

זאָגט נאָר, וואס עס האט פּאַסירט מיט דעם יונגען גראַף, וועל איך וויסען וואס פאַר א פלאַש דער אָנקעל בעדאַרף.

געאָרג.

אַך, דאס גוטע קינד. וואס וועט זאָגען די גרעפין, ווען זי וועט מאָרגען קומען ? ווי זי וועט עס אונז אויסשעלטען !

קאַראָלינע.

רעדט שוין אמאָל !

געאָרג.

ער איז געפאַלען; דאס געזיכט איז אין גאַנצען מיט בלוט; ווער ווייס אויב אַן אויג האט ניט עפּעס געליטען.

לואיזע.

(אָנצינדענדיג א וואקס־ליכט און געהט אריין אין דער קאַמער:) איצט ווייס איך שוין וואס ער בעדאַרף.

קאַראָלינע.

אזוי שפּעט? ווי האט עס פּאַסירט?

געאָרג.

ליעבע מאַמזעלעלע, איך האב שוין לאַנג גערעכענט, אז קיין גוטס וועט דערפון ניט ארויסקומען. דאָרט זיטצט אייער פאָטער און דער הויפמייסטער יעדען אָבענד ביים אַלטען גייסטליכען און לעזען די צייטונגען און מאַנאַטשריפטען, און אזוי דיספּוטירען זיי און קענען גאָר ניט פאַרטיג ווערען, און דאס אָרעמע קינד מוז אויך דערביי זיטצען. ער פערשטופּט זיך אין א ווינקעל, ווען עס ווערט שפּעט, און ווערט אַנטשלאָפען, און ווען זיי ווערען פאַרטיג, געהט דאס קינד מיט פערשלאָפענערהייט. און היינט — זעהט נאָר — איז עס שוין צוועלף א זייגער — היינט בלייבען זיי אויס לענגער ווי תמיד, איך בין געזעסען אין הויז און געמוזט ברענען ליכט. דערביי שטעהען אויך די אַנדערע ליכט פאַר'ן הויפמייסטער און דעם יונגען הערר, און אייער פאָטער און דער מאַגיסטער בלייבען שטעהען פאר דער שלאָסבריק און קענען אויך ניט פאַרטיג ווערען.

לואיזע.

(קומט צוריק מיט א גלאָז.)

געאָרג.

(רעדט ווייטער:) דאס קינד קומט אריין אין זאאַל, טאַפּענדיג, און רופט מיך. איך שפּרינג אויף, וויל אָנצינדען די ליכט, ווי אַלע מאָל, און, אזוי ווי איך בין געוועזן פערשלאָפען, האב איך דאס איינע ליכט אויך אויסגעלאָשען. דערווייל האט דאס קינד אָרויפגעטאַפּט די

טרעפ, אויפ'ן פארזאאל שטעהען די שטוהלען און טישען, וועלכע מיר האבען געוואָלט פערטהיילען אין צימער מאָרגען פריה; דאס קינד וויים עס ניט, געהט גראדע צו, שטויסט זיך אָן, פאלט, מיר הערען עס שרייען, איך מאך א ליארם, איך מאך ליכט, און אזוי ווי מיר זיינען ארויפגעקומען, איז עס דאָרט געלעגען און ניט געוואוסט וואס עס טהוט זיך מיט איהם. דאס גאנצע געזיכט פערבלוטיגט. אויב דאס האָט פערלוירען אן אויג, ווען עס איז געפעהרליך, געה איך מאָרגען פריה אוועק איידער די פרוי גרעפין קומט! זאָלען אנדערע זיין פעראנט־וואָרטליך.

לואיזע.

(וועלכע האט דערווייל גענומען עטליכע בינטלעך ליינוואנד פון שופלאדען און דערלאנגט עס איהם מיט דער פלאש:) דאָ, געשווינד! טראָג דאס אריבער און נעהם אויך מיט די טיכעלעך. איך קום אויך באלד. גאָט בעהיטע, עס זאָל זיין אזוי שלעכט. געשווינד, געאָרג, גע־שווינד! (געאָרג אָב.)

לואיזע.

האלט אָנגעגרייט ווארעמעס וואסער, כדי דער אָנקעל זאָל האבען קאפע, ווען ער וועט אהיים קומען. איך וועל גיך אריבער געהען. עס וואָלט געווען שרעקליך מיר זאָלען אזוי מוזען אויפנעהמען אונזער גוטע גרעפין. ווי זי האט [illegible] דעם מאגיסטער און מיר אכטונג צו געבען אויפ'ן קינד, ווען [illegible] אוועקפאָהרען! ליידער האב איך גע־מוזט זעהען, ווי די צייט געהט אוועק מיט גאָר ניט. (אָב.)

---

# דריטער אויפטריט

## קאראָלינע, דערנאָך דער באראָן.

קאראָלינע.

(נאָכדעם ווי זי איז געגאנגען אייניגע מאָל, נאָכדענקענדיג, היין און צוריק:) ער פערלאָזט מיך קיין אויגענבליק! אויך אין חלום איז

ער געוועזן נעבען מיר. אך, ווען איך זאָל קענען גלויבען, אז זיין הארץ, זיינע אבזיכטען זיינען אזוי גוט ווי זיינע בליקען, זיין בענעהמונג איז אנציהענד און אנגענעהם! אך, און די ארט ווי ער ווייס אלעס צו זאָגען, ווי עדעל ער דריקט זיך אויס! זאָל מען זאָגען וואס מען וויל, עס איז דאָך אמת, אז א מענש האט א גרויסען פאָרצוג דורך זיין עדע־לער געבורט און דורך דער ערציהונג פון זיין שטאַנד! אך, ווען איך וואָלט כאָטש געוועזן זיין גלייכען!

## דער באראָן.

(ביי דער טהיר:) זייט איהר אליין, גוטע קאראָלינע?

## קאראָלינע.

הערר באראָן, ווי קומט איהר אהער? געהט אוועק! ווען מיין פאָטער זאָל אָנקומען! עס איז ניט שעהן מיך אזוי צו איבערפאלען!

## באראָן.

די ליעבע, וואָס פיהרט מיך אהער, וועט אויך זיין מיין פערטהיי־דיגער ביי אייך, געטליכע קאראָלינע. (וויל זי אומארמען.)

## קאראָלינע.

צוריק, הערר באראָן! איהר זייט גראָב! ווי קומט איהר אהער?

## באראָן.

א געשריי האט מיך אויפגעוועקט, איך בין ארונטערגעשפרונגען און אויסגעפונען, אז מיין פלימעניק האט זיך צובלוטיגט. איך האב געפונען אייער פאָטער בעשעפטיגט ביים קינד, יעצט איז אויך געקור־מען אייער מוהמע; איך האב געזעהען, אז עס איז ניט קיין געפאהר, איז מיר איינגעפאלען: קאראָלינע איז אליין! און וואס קען מיר איינ־פאלען ביי יעדער געלעגענהייט מעהר ווי קאראָלינע? די אויגענבלי־קען זיינען טהייער, שעהנעס, אנגענעהמעס קינד! זייט זיך מודה, זאָגט מיר, אז איהר ליעבט מיך. (וויל זי אומארמען.)

## קאראָלינע.

נאָך אמאָל, הערר באראָן, לאָזט מיך אָב און פערלאָזט אויך דיעזעס הויז!

באראָן.

איהר האט פערשפּראָכען מיך אזוי גיך ווי מעגליך צו זעהען, זאָל איך מיר איצטער אוועקגעהען?

קאראָלינע.

איך האב פערשפּראָכען צו זיין מאָרגען פריה מיט זונענאויפגאַנג אין גאָרטען, מיט אייך צו געהען שפּאַצירען, מיך צו פרייען מיט אייער געזעלשאַפט. אָהער האב איך אייך ניט איינגעלאַדען.

באראָן.

אבער די געלעגענהייט —

קאראָלינע.

האב איך ניט געמאַכט.

באראָן.

אבער איך בענוטץ מיך דערמיט. קענט איהר אויף מיר פעראיבעל האבען?

קאראָלינע.

איך ווייס ניט וואס איך זאָל פון אייך דענקען.

באראָן.

אויך איך — לאָמיך אייך אפען מודה זיין — אויך איך דערקען איך ניט.

קאראָלינע.

וואס איז דען מיט מיר געשעהען?

באראָן.

קענט איהר נאָך פרעגען?

קאראָלינע.

איך מוז, ווייל איך פערשטעה אייך ניט.

באראָן.

זאָל איך רעדען?

קאראָלינע.

אויב איהר ווילט איך זאָל אייך פערשטעהען.

בארָאן.

האט איהר ניט, זייט די טעג, וואס איך קען אייך, געזוכט יעדע געלעגענהייט מיך צו זעהען און מיט מיר צו רעדען?

קאראָלינע.

איך לייקען עס ניט.

בארָאן.

האט איהר מיר ניט גענטפערט מיט בליקען יעדעס מאָל, וואס איך האב געקוקט צו אייך? און מיט וואס פאר א בליקען!

קאראָלינע.

(אביסעל צומישט:) איך קען ניט זעהען מיינע אייגענע בליקען.

בארָאן.

אבער פיהלען וואס זיי בעדייטען! — האט איהר מיר ניט, ביים טאנץ, ווען איך האב געדריקט אייער האנד, מיר געדריקט מיין האנד?

קאראָלינע.

דאס געדענק איך ניט.

בארָאן.

איהר האָט א קורצען זכרון, קאראָלינע. ווען מיר האָבען זיך גע־דרעהט אונטער'ן לינדענבוים און איך האב אייך צערטליך ארומגע־נומען, דאמאָלס האט מיך קאראָלינע ניט צוריק געשטויסען.

קאראָלינע.

הערר בארָאן, איהר האט זיך עס פאַלש אויסגעלעגט, וואס א גוט־הערציגעס, אונערפאהרענעס מיידעל —

בארָאן.

ליעבסטו מיך?

קאראָלינע.

נאָך אמאָל, פערלאָזט מיך! מאָרגען פריה —

בארָאן.

וועל איך מיך אויסשלאָפען.

קאראָלינע.

איך וועל אייך זאָגען.

באראָן.

איך וועל גאָר ניט הערען.

קאראָלינע.

דאַן פערלאָזט מיך!

באראָן.

(אוועקגעהענדיג:) עס טהוט מיר לייד, וואס איך בין געקומען.

קאראָלינע.

(אליין, נאָך א בעוועגונג, גלייך ווי זי וואָלט וועלען איהם צוריק־האַלטען:) ער געהט; ער מוז געהען, איך דאַרף איהם ניט צוריקהאַל־טען. איך ליעב איהם און מוז איהם האַלטען פון דער ווייטענס. איך בין געוועזען אונפאָרזיכטיג און דערפאַר בין איך אונגליקליך. אוועק זיינען אַלע מיינע האָפנונגען אויפ'ן שעהנעם מאָרגען, אוועק זיינען די גאָלדענע חלומות, צו וועלכע איך האב מיך געוואגט צו דערנעהנ־טערען. אָך, ווי ווייניג צייט מען בעדאַרף עס צו ענדערן אונזער גאַנ־צעם שיקזאַל!

---

# פיערטער אויפטריט

---

קאראָלינע, ברעהמע.

קאראָלינע.

ליעבער פאָטער, ווי געהט עס? וואס מאַכט דער יונגער גראַף?

ברעהמע.

עס איז א שטארקער קלאַפּ; דאָך, האָף איך, אז עס זאָל ניט זיין געפעהרליך. איך וועל מאַכען א פאָרטרעפליכע קור, און ווען דער גראַף וועט זיך אין דער צוקונפט אָנקוקען אין שפּיעגעל, וועט ער זיך

דערמאָהנען אָן דעם פלינקען כירורג, ברעהמע, וואס האט געראטעוועט זיינע ברעמען.

קאַראָלינע.

די אָרעמע גרעפין, ווען זי זאָל כאָטש מאָרגען ניט שוין אָנ־קומען.

ברעהמע.

אַלץ בעסער! און ווען זי וועט זעהען דעם שלעכטען צושטאַנד פון דעם פאַציענט מיט די אויגען, וועט זי, ווען די קור וועט זיין פאַר־טיג, אַלץ מעהר רעספּעקטירען מיין קונסט. הויכע פּערזאָנען מוזען אויך וויסען, אז זיי און זייערע קינדער זיינען מענשען. מען קען זיי גאָר ניט געבען צו פיהלען און פערשטעהען דעם ווערטה פון א מענשען, וואס שטעהט אין זייערע נויטהען. ווייל זיי, ווי אַלע אדם'ס קינדער, זיינען אונטערוואָרפען צום כירורג. איך זאָג דיר, מיין קינד, אז א כירורג, איז דער בכבוד'עסטער מענש אויף דער גאַנצער ערד. דער טהעאָלאָג בעפרייט דיך פון דער זינד, וואס ער אליין האט אויסגע־טראכט; דער יוריסט געווינט דיר דיין פּראָצעס און מאַכט דיין געג־נער פאַר א בעטלער; דער מעדיקוס קורירט דיר איין קראַנקהייט, ווען אַן אַנדערע קומט; און דו קענסט קיינמאָל ניט וויסען אויב ער האט דיר גענוטצט אדער געשאַדעט; דער כירורג אבער, בעפרייט דיך פון אַן אמת'ער צרה, וואס דו האָסט דיר אליין גענומען, אדער עס איז צו דיר געקומען, ער נוטצט דיר, שאַדעט קיין מענשען, און דו קענסט דיך בעשיינפּערליך איבערצייגען, אז זיין רפואה איז א געלונגענע.

קאַראָלינע.

אויך ווען זי געלינגט ניט.

ברעהמע.

אזוי וויים מען דעם חילוק פון א קאַליקע ביז א מייסטער. פריי דיך, מיין טאָכטער, וואס דו האָסט א טאַטען א מייסטער. פאַר א לייי־טיש קינד איז גיטאָ קיין בעסערע זאַך, ווי זיך צו פרייען מיט לייטישע עלטערן.

קאַראָלינע.

אַך, פאָטער!

ברעהמע.

וואס איז דיר, מיין קינד?

קאראלינע.

איך מוז עס דיר באלד דערצעהלען.

ברעהמע.

וואס איז נייעס?

קאראלינע.

ווייסט דו, אז דער באראָן איז געוועזן זעהר פריינדליך און זעהר צערטליך צו מיר. איך האב עס דיר באלד געזאָגט, און דיך געפרעגט אן עצה.

ברעהמע.

דו ביסט א גוטעס מיידעל, ביסט ווערטה אויפצוטרעטען אלס פרינצעסין, אלס קעניגין!

קאראלינע.

דו האָסט מיר געראטהען צו זיין פאָרזיכטיג, זיך צו היטען, אבער אויך אויפפאסען איבער איהם; מיר ניט ערלויבען, אבער אויך ניט אוועקשטויסען דאס גליק, וואס האט מיך אויפגעזוכט. איך האב מיך געגען איהם אויפגעפיהרט, אז איך דארף מיר ניט מאכען קיין פאָר־ווירפע; אבער ער —

ברעהמע.

רעד, מיין קינד, רעד.

קאראלינע.

אָה, עס איז אבשייליך, ווי פרעך! —

ברעהמע.

וואס? (נאָך א פויזע:) זאָג מיר גאָר ניט, מיין טאָכטער, דו קענסט מיך, איך בין א היציגער, אן אלטער סאָלדאט; איך וועל מיך ניט קענען בעהערשען, אָהן צאָרן; איך וועל מיך ניט קענען צוריק־האלטען ניט צו מאכען א געוואגטען שריט.

קאראלינע.

קענסטו עס הערען, פאָטער, אָהן צאָרן, איך מעג עס זאָגען ניט רויט צו ווערען. ער האט שלעכט אויסגעטייטשט מיין פריינדשאפט,

ער האט זיך אין דיין אבוועזענהייט, נאכדעם ווי לואיזע איז אוועק, דא ארייגגעכאפט אין הויז. ער איז געוועזן פרעך, אבער איך האב איהם צוריקגעוויעזען. איך האב איהם פערטריעבען, און איך מעג עס זאגען, אז זייט דיעזען אויגענבליק האבען זיך מיינע געפיהלען צו איהם גע־ענדערט. ער האט ביי מיר אויסגעזעהען ליעבענסווירדיג, ווען ער איז געוועזן גוט, ווען איך האב געקענט גלויבען, אז ער דענקט גוטעס איבער מיר; יעצט קומט ער מיר פאר ערגער ווי יעדער אנדערער. איך וועל דיר אלעס, ווי ביז אהער, דערצעהלען. אלעס פאר דיר מודה זיין, אום דו זאלסט מיר קענען געבען אן עצה.

ברעהמע.

וואס דאס איז פאר א מיידעל! וואס פאר א גוטעס מיידעל! אך, איך בענייידענסווערטהער פאטער! ווארט נאר, הערר באראן, ווארט נאר! די הינט וועלען אבגעלאזען ווערען פון דער קייט און פערשטע־לען דעם וועג פון די פיקסען, וואס ווילען צום טויגענשלאג. איך וועל ניט הייסען ברעהמע, ניט פערדענקען דעם נאמען ברעמענפעלד, ווען אין קורצען וועט אלעס ניט אנדערש ווערען.

קאראלינע.

ווערט ניט אין כעס, פאטער!

ברעהמע.

דו גיבסט מיר א נייעס לעבען, מיין טאכטער; יא, רעדט, זאל דיין שטאנד געציערט ווערען דורך דיין טוגענד, גלייך זאלסטו זיין מיט אלעמען צו דיין פראכטפאלער עלטער־באבען, די בורגעמייסטערין פון ברעמענפעלד, דיעזע בכבוד'ע פרוי איז דורך צניעות געוועזן דער כבוד פון איהר גאנצען מין און דורך שכל איז זי געוועזן די שטיטצע פון איהר מאן. בעטראכט דיעזעס בילד יעדען טאג, יעדע שטונדע, טהו ווי זי האט געטהון און ווער אזוי בכבוד'יג ווי זי איז געוועזן! (קאראלינע בעטראכט דאס בילד און לאכט.) וואס לאכסטו, מיין טאכטער?

קאראלינע.

איך וועל גערן נאכפאלגען מיין עלטער־באבען אין אלעם גוטען, ווען איך זאל נאר ניט טראגען אזעלכע בגדים ווי זי. הא, הא, הא!

זעה נאָר, ווי אָפּט איך קוק אויפ׳ן בילד, מוז איך לאַכען, אפילו ווען איך האב עס יעדען טאָג פאַר די אויגען. האַ, האַ, האַ! זעה נאָר דאס היטעלע, וואס שטעקט ארוים פון קאָפּ ווי א פלעדערמויז פליעגעל.

ברעהמע.

נאַ, נאַ, אין איהר צייט האָט קיינער דערפון ניט געלאַכט. ווער וויים, ווער עס וועט איבער אייך שפּעטער לאַכען? איהר זייט זעהר זעלטען אנגעטהאָן און אויפגעפוצט, אז אפילו איך זאָל קענען זאָגען, דאס דו ביסט מיין שעהנע טאָכטער און דו געפעלסט מיר. זיי ווי דיעזע פרעכטיגע דאמע אין טוגענד און קלייד דיך מיט בעסערען געשמאַק, דאַן וועל איך גאָר ניט האבען דאגעגען, נאַטירליך, אז דער גוטער גע־שמאַק זאָל ניט זיין טהייערער ווי דער שלעכטער. איבריגענס רעכען איך, אז עס וואָלט געווען כדאי דו זאָלסט געהען שלאָפען, עס איז שפּעט.

קאַראָלינע.

ווילסטו ניט טרינקען קיין קאַפּע? דאס וואסער זידט; עס איז באַלד פאַרטיג.

ברעהמע.

מאַך נאָר אַלעס צורעכט, שיט אריין דעם געמאָלענעם קאַפּע; דאס הייסע וואסער וועל איך אליין ארויפגיסען.

קאַראָלינע.

גוטע נאכט, פאָטער! (אָב.)

ברעהמע.

שלאָף געזונד, מיין קינד!

---

## פינפטער אויפטריט

ברעהמע (אליין:)

פּונקט דיעזע נאכט האט בעדאַרפט געשעהען דאס אונגליק! איך האב אַלעס אויסגעצייכענט איינגעריכטעט, איך האב גוט איינגע־

טהיילט די צייט. ביז האַלבע נאַכט האבען מיר צוזאַמען געפּלוידערט, און אַלעס איז געווען רוהיג; דאַן האב איך געוואָלט טרינקען מיין מאַסע קאַפּע, און מיינע בעשטעלטע פריינד זאָלען קומען צו דער גע־היימניספּאָלער איבערלעגונג. איצט, צום טייוועל! אַלעס איז האָרע־קאָרע: זיי וואַכען דאָרט אין שלאָס צוצולעגען דעם קינד קאָמפּרעסען. ווער ווייס וואו דער באַראָן געפינט זיך ערגעץ אום אויפצופּאַסען אי־בער מיין טאָכטער! ביים אַמטמאַן זעה איך ליכט, ביי דעם מיאוס'ען חברה־מאַן, וואס איך האַס אַממייסטען. ווען מיר זאָלען ענטדעקט ווערען, דאַן קען דער גרעסטער, שעהנסטער און ערהאַבענסטער גע־דאַנק, וועלכער זאָל האבען אַן איינפלוס אויף מיין גאַנצעס פאַטער־לאַנד, געבוירען ווערען אַ נופליע. (געהט צום פענסטער.) איך הער עמעצען קומען. דער ווירפעל איז געוואָרפען, איצטער מוזען מיר זעט־צען די שטיינער; אַן אַלטער סאָלדאַט דאַרף פאַר גאָר ניט קיין מורא האבען. בין איך דען ניט אין שולע געגאַנגען ביים גרויסען און אונבע־זיעגטען פריעטץ?

# זעקסטער אויפטריט

## ברעהמע, מאַרטין.

ברעהמע.

זייט איהר דאס, קוואַטער מאַרטין?

מאַרטין.

איך, ליעבער קוואַטער ברעהמע, דאס בין איך. איך האָב מיך אין דער שטיל ארויסגעכאַפּט, אזוי גיך ווי דער גלאָק האָט געשלאָגען צוועלף, און בין אהער געקומען. אבער איך האָב נאָך געהערט ליאַרם, דאַן בין איך געגאַנגען אין גאָרטען עטליכע מאָל, ביז אַלעס איז שטיל געוואָרען. זאָגט מיר נאָר וואס איהר ווילט, קוואַטער ברעהמע, צו וואָס קומען מיר זיך צוזאַמען אזוי שפּעט ביי אייך? האָבען מיר עס דען ניט געקענט אָבמאַכען בייטאָג?

ברעהמע.

אלעס זאָלט איהר ערפאַהרען, אבער איהר מוזט האָבען געדולד, ביז די אַנדערע וועלען זיין צוזאַמען.

מארטין.

ווער דאַרף דען נאָך קומען?

ברעהמע.

אלע אונזערע פריינד, אלע פערנונפטיגע מענשען. אויסער אייך קומט נאָך פעטער, דער שולצע פון ראָזענהאָהן, און אַלבערט, דער שולצע פון ווייזענגרובען; איך האָף אויך, אז יאַקאָב וועט קומען, וועלכער בעזיטצט דאס שעהנע פריימוט. דאן וועלען עס זיין אָרענט־ליכע און פערנונפטיגע מענשען צוזאמען, וועלכע וועלען שוין עפּעס אויפטהון.

מארטין.

קוואַטער ברעהמע, איהר זייט א וואונדערליכער מאן; ביי אייך איז אַלץ איינס, נאַכט און טאָג, טאָג און נאַכט, זומער און ווינטער.

ברעהמע.

יא, ווען דאָס וואָלט אזוי ניט געווען, וואָלט מען גאָר ניט גע־קענט אויפטהון. וואכען אדער שלאָף איז ביי מיר אויך גלייך. עס איז געווען נאָך דער שלאַכט ביי לייטהען, וואו אונזערע לאַזארעטען האָבען זיך געפונען אין א שלעכטען צושטאנד, און זיי וואָלטען נאָך ערגער געווען, ווען ברעהמע וואָלט דאַמאָלס ניט געווען א יונגער און פלייסי־גער יונג. עס זיינען דאָרט געלעגען פיעלע פערוואונדעטע, פיעלע קראַנקע, און אלע פעלדשערס זיינען געווען אַלט און עובר בטל, אבער ברעהמע, א יונגער, טיכטיגער קערל, האָט געארבייט טאָג און נאַכט. איך זאָג אייך, קוואַטער, אז איך האָב אַכט נעכט דורכאַנאַנד געוואַכט און בייטאָג ניט געשלאָפען. דאס האָט זיך אויך געמערקט דער אַלטער פריטץ, וועלכער האָט געוואוסט אלעס, וואס ער האָט געוואָלט וויסען. „הער נאָר, ברעהמע,“ האָט ער איינמאָל געזאָגט, „מען זאָגט, אז דו ביסט קראַנק פון שלאַפלאָזיגקייט.“ — איך האָב פערשטאַנען, וואס ער מיינט דערמיט, ווייל אַלע אַנדערע זיינען דערביי געשטאַנען. איך

האָב געפּאַסט מוטה און געזאָגט: — „דאס איז אַזאַ קראַנקהייט, וואס איך ווינש זי אַלע אייערע דיענער. און אַזוי ווי זי לאָזט ניט צוריק קיין מאַטטקייט, און איך ברענג נוטצען אויף בייטאָג, האָף איך, אַז אייער מאַיעסטעט וועט אויף מיר דערפאר קיין פאַראיבעל ניט האָ־בען.״

## מאַרטין.

אך, און ווי האָט דאָס דער קעניג אויפגענומען?

## ברעהמע.

ער האָט אויסגעזעהען גאַנץ ערנסט, אבער איך האָב פערשטאַנען, אַז ער איז געוועזן דערמיט צופריעדען. „ברעהמע,״ האָט ער געזאָגט, „מיט וואס פערטרייבסטו דיר דען די צייט?״ דאַן האָב איך מיר וויע־דער געמאַכט האַרץ און געזאָגט: „איך דענק אָן דעם, וואס אייער מאַיעסטעט האָט געטהאָן און וועט נאָך טהאָן. אַזוי קען איך דערגריי־כען מתושלח׳ס יאָהרען און נאָך אימער וואַכען און ניט קומען צו קיין סוף.״ דערביי האָט ער זיך געמאַכט גלייך ווי ער הערט עס ניט, און איז זיך אַוועקגעגאַנגען. מיט אַכט יאָהר שפּעטער, ביי דער רעוויו, האָט ער מיך וויעדער דערזעהען. „וואַכסטו נאָך אימער, ברעהמע?״ האָט ער אויסגעשריען. „אייער מאַיעסטעט,״ האָב איך געענטפערט, „מיט פּונקט אַזוי וועניג רוה און פריעדען ווי אין קריעג. איהר טהוט אימער אויף אַזעלכע גרויסע זאַכען, אַז אַ קלוגער מענש מוז איינזעהען ווי קליין ער איז.״

## מאַרטין.

אויב אַזוי, קוואַטער, האָט איהר גערעדט מיט׳ן קעניג? האָט מען געמעגט רעדען מיט איהם?

## ברעהמע.

אודאי, אבער מען האָט בעדאַרפט פערשטעהען וואס צו רעדען, ווייל ער האָט אימער אַלעס פערשטאַנען בעסער. ביי איהם זיינען אַלע געוועזן גלייך, און דער בויער איז איהם געלעגען נאָהענט צום האַרצען. „איך ווייס גאַנץ גוט,״ פלעגט ער זאָגען צו זיינע מיניסטאָרען, ווען זיי פלעגען איהם וועלען עפּעס איינרעדען, „די רייכע האָבען פיעלע

אדוואָקאטען, אבער די נויטבעדאַרפטיגע האָבען נאָר איינעם, און דאס בין איך.״

מאַרטין.

ווען איך וואָלט איהם כאָטש נאָר געזעהען!

ברעהמע.

שטיל, איך הער עפּעס! דאס מוזען זיין אונזערע פריינד. זעה נאָר, פּעטער און אַלבערט!

# זיעבעטער אויפטריט

פּעטער, אַלבערט, די פאָריגע.

ברעהמע.

ווילקאָמען! — איז יאַקאָב ניט מיט אייך?

פּעטער.

מיר האָבען זיך בעשטעלט ביי די דריי לינדען, אבער ער האָט זיך צו לאַנג געזאַמט און מיר זיינען אליין געקומען.

אַלבערט.

וואס האָט איהר אונז צו זאָגען עפּעס נייעס, מייסטער ברעהמע? הערט זיך עפּעס פון וועטצלאַר, געהט דער פּראָצעס פאָרווערטס?

ברעהמע.

טאַקי וויל עס איז ניט געקומען, און וויל ווען עס וואָלט עפּעס געקומען, וואָלט עס אויך ניט פיעל בעדייטעט, דערפאַר וואָלט איך וועלען אייך פערטרויען מיינע געדאַנקען. איהר ווייסט דאָך, אז איך נעהם מיך אָן פאַר אַלעס, אבער ניט עפּענטליך; וויל איך דאַרף מיר ניט קאַליע מאַכען מיט דער גנעדיגער הערשאַפט.

פעטער.

יא, מיר ווילען זיך עס מיט איהר אויך ניט קאליע מאכען, ווען מען קען עס נאָר האלבוועגס דערטראָגען.

ברעהמע.

איך האָב אייך געוואָלט זאָגען, ווען יאקאָב וואָלט נאָר דאָ געווען, אז מיר זאָלען זיין אַלע צוזאמען, איך זאָל ניט דארפען וויעדערהאָלען און מיר זאָלען אלע ווערען אייניג —

אַלבערט.

יאקאָב? עס איז כמעט בעסער, וואס ער איז ניטאָ. איך געטרויע איהם ניט אין גאנצען; ער האָט דאָס פריימוט, און אפילו ווען ער רעדט מיט אונז איבער צינזען און ווייזט דיעזעלבע אינטערעסע, דאן געהט איהם אָבער די מאָס ניט אָן און ער האָט זיך געוויעזען אין גאנ־צען פּראָצעס ניט ווי עס דארף צו זיין.

ברעהמע.

אויב אזוי, דאן לאָזט איהם געהען. זעטצט זיך און הערט מיך אויס. (זיי זעטצען זיך.)

מארטין.

איך בין גאנץ נייגעריג צו הערען.

ברעהמע.

איהר ווייסט דאָך אודאי, אז די געמיינדען פיהרען שוין א פּראָ־צעס מיט דער הערשאפט זייט די לעצטע פערציג יאָהר, און דיעזער פּראָצעס איז קוים מיט צרות אָנגעקומען קיין וועטצלאר און פון דאָרט קען ער שוין קיין וועג ניט געפינען. דער גוטסהערר פערלאנגט ערד־בעארבייטונגג און אַנדערע בעדיענונגען, וואס איהר ווילט ניט געבען, און אויך מיט רעכט; ווייל עס איז געשלאָסען געוואָרען א רוה מיט דעם זיידען פון אונזער יונגען גראף — נאָט זאָל איהם בעשיטצען! — וועלכער האָט זיך דיעזע נאכט שטארק צוקלאפּט.

מארטין.

צוקלאפּט?

פעטער.

גראדע דיעזע נאכט?

אלבערט.

ווי איז דאס געשעהען?

מארטין.

דאס ארעמע, ליעבע קינד!

ברעהמע.

דאס וועל איך אייך דערנאך דערצעהלען. איצטער הערט מיך בעסער ווייטער אויס. נאך דיעזען אבגעשלאסענעם קאנטראקט, האבען די געמיינדען איבערגעלאזען דער הערשאפט אביסעל האלץ, אייניגע לאנקעס, און נאך קלייניגקייטען, וואס האט ביי אייך ניט געהאט קיין ווערטה און פאר דער הערשאפט איז דאס געוועזן א בעטרעף; ווייל מען זעהט, אז דער אלטער גראף איז געוועזן א קלוגער הערר, אבער אויך א גוטער. לעבען און לעבען לאזען, איז געוועזן זיין ווערטעל. ער האט דערפאר געשענקט די געמיינדען געוויסע ארבייטען —

אלבערט.

און דאס זיינען יענע, וואס מיר מוזען נאך אימער טהון.

ברעהמע.

און פאר אייך געמאכט עטליכע פערגרינגערונגען —

מארטין.

וועלכע מיר געניעסען ניט.

ברעהמע.

ריכטיג, ווייל דער גראף איז געשטארבען, די הערשאפט האט דאס איבערגענומען, דער קריעג איז אנגעקומען, און די אונטערטהא־נען האבען נאך מעהר געמוזט טהאן ווי פריהער.

פעטער.

אקוראט אזוי; טאקי אזוי האב איך עס עטליכע מאל געהערט פון מויל פון די אדוואקאטען.

ברעהמע.

און איך ווייס דאס בעסער ווי דער אדוואָקאט, ווייל איך זעה ווייטער. דער זוהן פון גראף, דער פערשטאָרבענער גנעדיגער הערר, איז פונקט דאמאָלס געוואָרען פוליעהריג. ביי גאָט, ער איז געוועזן א ווילדער, בייזער טייוועל, ער האָט גאָר ניט געוואָלט ארויסגעבען און איך האָט ער שרעקליך בעהאנדעלט. ער איז געוואָרען בעל הבית און אוועקגענומען פון איך יעדע פריווילעגיע.

אַלבערט.

ווען א קאָפּיע וואָלט ניט געבליעבען, וואס אונזער פערשטאָרבע־נער גייסטליכער האָט אָבגעשריעבען, וואָלטען מיר אפילו ניט גע־וואוסט פון דעם וואס עס איז געוועזן.

ברעהמע.

דיעזע קאָפּיע איז אייער גליק און אייער אונגליק. דיעזע קאָפּיע איז אַלעס פאַר יעדען ביליגען מענשען, פאר'ן געריכט איז זי אבער גאָר ניט. ווען איהר וואָלט דיעזע קאָפּיע ניט געהאט, וואָלט איהר בלויז געוועזן ניט זיכער אין דער זאך. ווען מען וואָלט דאס ניט פאַר־געלעגט פאַר דער הערראפט, וואָלט איהר אפילו ניט געוואוסט ווי אונגערעכט מען דענקט דאָרט פון איך.

מארטין.

דערביי מוזט איהר אויך האָבען א קליינעם ווערטה. די גרעפין לייקענט ניט, אז פיעלעס רעדט פאַר אונז; זי וויל אבער ניט איינגע־הען אויפ'ן פערגלייך, ווייל זי, אלס אַפּעקון פון איהר זוהן, געטרויעט זיך ניט עפּעס אויסצושליסען.

אַלבערט.

אלס אַפּעקון פון איהר זוהן! האָט זי ניט געלאָזט בויען דעם שלאָס־פליגעל, וועלכען ער וועט פיעללייכט זיין גאנצעם לעבען ניט בעוואוינען? ווייל ער ליעבט איבערהויפּט ניט דיעזע געגענד.

פּעטער.

און איבערהויפּט ווי ער איז איצט געפאַלען און זיך צוקלאַפּט.

### אלבערט.

האָט זי ניט געמאַכט דעם גרויסען גאָרטען און די וואסער־פאַלען, צוליעב וועלכען מען האָט געמוזט אָבקויפען א פּאָאַר מיהלען? דאס אַלעס געטרויעט זי זיך אַלס אָפּעקון, אבער צו טהון רעכט, יושר, דאס געטרויעט זי זיך ניט.

### ברעהמע.

אַלבערט, ביסט א בראַווער מאַן! אזוי רעדען האָב איך ליעב צו הערען. איך בין מודה, אז דערפאַר וואס איך געניעס עפּעס פון דער גרעפין בין איך איהר אונטערטהעניגער דיענער, פון דעסטוועגען וואָלט איך אין דעם נאָכגעטהון מיין קעניג און פאַר אייך זיך גע־שטעלט.

### פעטער.

דאס וואָלט געווען שעהן! מאַכט נאָר, עס זאָל באַלד נעהמען א סוף פון אונזער פּראָצעס.

### ברעהמע.

דאס קען איך ניט; דאס מוזט איהר טהון.

### פעטער.

אבער ווי טהוט מען עס?

### ברעהמע.

איהר גוטע מענשען ווייסט הפּנים ניט, אז אַלעס אין דער וועלט געהט פאָרווערטס, אז היינט איז מעגליך וואס עס האָט ניט געקענט זיין מיט צעהן יאָהר צוריק. איהר ווייסט ניט, וואס מען אונטערנעהמט יעצט, וואס עס ווערט אויסגעפיהרט.

### מאַרטין.

יא, מיר ווייסען, אז אין פראַנקרייך געשעהען יעצט וואונדער.

### פעטער.

וואונדער און אבשייליכעס.

### אלבערט.

וואונדער און גוטעס.

ברעהמע.

ריכטיג, אלבערט, מען מוז אויסקלייבען דאס בעסטע. איך זאג, אז וואס מען קען ניט האבען מיט גוטען, זאל מען נעהמען מיט גע־וואלט.

מארטין.

זאל דאס דען גראדע זיין דאס בעסטע?

אלבערט.

אהן א צווייפעל.

פעטער.

איך דענק ניט.

ברעהמע.

איך מוז אייך זאגען, קינדער, יעצט, אדער קיינמאל ניט.

אלבערט.

איהר דארפט אונז גאר ניט פיעל דערצעהלען. דערצו זיינען מיר פיקס און פארטיג. אונזערע לייט האבען שוין לאנג געוואלט רעבעלי־רען; איך האב זיי תמיד אבגעהאלטען, ווייל הערר ברעהמע האט מיר אלץ געזאגט, אז עס איז נאך ניט די צייט. און דער איז א קלוגער מאן וועמען איך געטרויע.

ברעהמע.

דאנק, קוואטער, און איך זאג אייך, יעצט איז די צייט.

אלבערט.

איך גלויב עס אויך.

פעטער.

האט מיר קיין פאראיבעל ניט. איך קען דאס ניט איינזעהען; אז עס איז א סגולה זיך צו א געוויסער צייט צו לאזען צו דער אדער יענער זייט, דאס ווייס איך; אבער אז עס איז דא גראדע א צייט גוט צום רעבעלירען, דאס פערשטעה איך ניט.

ברעהמע.

דאס מוז איינער פון אונז פערשטעהען.

אלבערט.

גנעווים פערשטעהט איהר עס.

פעטער.

אבער זאָגט מיר נאָר פון וואנען עס קומט אייגענטליך, וואס איהר פערשטעהט עס בעסער ווי אנדערע קלוגע לייט?

ברעהמע.

(מיט טיעפען ערנסט:) ערשטענס, מיין פריינד, איז מיין פאמי־ליע, נאָך פון מיין עלטער זיידען אָן, געווען בעשעפטיגט מיט פאָליטיק. אָט דיעזעס בילד ווייזט אייך מיין עלטער־זיידען הערמאן ברעהמע פון ברעמענפעלד, וועלכער איז דורך גרויסע און גוטע פערדיענסטע, געמאכט געוואָרען בירגערמייסטער פון זיין פאָטערשטאָדט, אָט דיע־זער שטאָדט האָט ער געוויעזען זיין גרויסע געטריישאפט און פעהיג־קייטען. דאָרט שוועבט נאָך זיין אנדענקען אין עהרע און ברכה, כאָטש שלעכטע און פאסקוויל טהעאטער־דיכטער האָבען חוזק געמאכט פון זיין גרויסען טאלענט און געוויסע מדות. זיין טיעפע איינזיכט אין דער פאָליטישער און מיליטערישער לאגע פון אייראָפא ווערט אפילו פון זיינע שונאים ניט אָבגעלייקענט.

פעטער.

ער איז געווען א שעהנער מאן, ער זעהט אויס גאנץ גוט געהאָ־דרעוועט.

ברעהמע.

גנעווים האָט ער געהאט בעסערע צייטען ווי זיין אייניקעל.

מארטין.

האָט איהר ניט אויך דאָס בילד פון אייער טאטען?

ברעהמע.

ליידער ניט! דאָך, מוז איך אייך זאָגען, ווען די נאטור האָט ארויסגעבראכט מיין פאָטער יאָסט ברעהמע פון ברעמענפעלד, האָט זי צוזאמענגעהאלטען איהרע כוחות, אום צו בעוואפענען אייער פריינד מיט אזעלכע טאלענטען, דורך וועלכע ער זאָל אייך ניטצליך ווערען.

דאָך, זאָל גאָט אָבהיטען, איך זאָל מיך שטעלען גרעסער ווי מיינע אבות! אונז איז יעצט גרינגער און מיר קענען מיט קלענערע נאַטיר־ליכע פאַרצוגען שפּיעלען א גרויסע ראָלע.

מארטין.

יא, יא, קוואטער!

ברעהמע.

עס איז לויטער אמת. האָבען מיר ניט יעצט אזוי פיעל צייטונ־גען, מאַנאַטסשריפטען און פליעגענדע בלעטער, פון וועלכע מיר לער־נען און שאַרפען אונזער שכל? ווען מיין עלטער־זיידע זכרונו לברכה וואָלט געהאַט א טויזענדען טהייל פון אזעלכע הילפסמיטלען, וואָלט ער געוואָרען גאָר א גאַנץ אַנדערער מענש. דאָך, קינדער, וואס רעד איך פון מיר? די צייט געהט אוועק און איך האָב מורא, אז עס טאָגט שוין. דער האָהן מאַכט אונז אויפמערקזאם, אז מיר מוזען עס מאַכען קורץ. האָט איהר מוטה?

אלבערט.

ביי מיר און ביי די מייניגע וועט עס ניט פעהלען.

פעטער.

אונטער די מייניגע געפינט זיך איינער, וואס שטעלט זיך אלס דער ערשטער; איך פערביטע מיר דעם אויפטראג.

מארטין.

זייט די לעצטע פּאָאָר דרשות, וואס דער מאגיסטער האָט אָב־געהאלטען, ווייל דער אלטער מאגיסטער ליעגט קראנק, איז דאָס גאנ־צע דאָרף דאָ אויפגערעגט.

ברעהמע.

גוט! אזוי קען עפּעס ארויסקומען. איך האָב אויסגערעכענט, אז מיר קענען שטעלען איבער זעקס הונדערט מאַן. אויב איהר ווילט, דאַן איז אלעס אָבגעטהאָן מאָרגען ביינאכט.

מארטין.

מאָרגען ביינאכט?

ברעהמע.

עס זאָל מעהר ניט ווערען נאָך אמאָל האַלבע נאכט, ביז איהר זאָלט ווידער האָבען אלעס, וואס בעלאַנגט צו איך, און נאָך מעהר.

פעטער.

אזוי געשווינד? ווי איז דאס מעגליך?

אלבערט.

געשווינד אָדער גאָר ניט.

ברעהמע.

די גרעפין קומט היינט אָן, זי דאַרף זיך גאָר ניט איבערלעגען אפילו. קומט ווער ארוים מיט דער קומענדער נאכט צום שלאָס און פאָדערט אייערע רעכטע, פאָדערט א נייע אויספאַרטיגונג פון דעם אַלטען רעווערז, שטעלט נאָך עטליכע קליינע בעדינגונגען, וואָס איך וועל אייך אָנגעבען, לאָזט זיי אונטערשרייבען, לאָזט זיי שווערען, און אזוי איז אַלעס אָבגעטהאָן.

פעטער.

פאַר אזא געוואַלטיגען אויפטריט ציטערן מיר הענד און פיס.

אלבערט.

נארר! ווער עס ברויכט געוואַלט, דאַרף ניט ציטערן.

מארטין.

ווי גרינג עס איז אָבער, זיי זאָלען אויף אונז אָנשיקען א רעגי־מענט דראַגונער! מיר דאַרפען עס ניט פיהרען אזוי ווייט. דאס מי־ליטער, דער פירשט, די רעגיערונג וועלען אונז שוין צוזאמען בעאר־בייטען.

ברעהמע.

גראַדע פערקעהרט. דאס איז טאַקי אויף וואָס איך שטיץ מיך. דער פירסט ווייס ווי שטארק דאָס פאָלק איז אונטערדריקט. ער האָט זיך שוין לאַנג ערקלערט געגנוג דייטליך געגען דעם שטאָלץ פון אדעל, געגען דער לאַנגווייליגקייט פון פראָצעסען, איבער די מיאוס'ע האנד־

לונגען פון די ריכטער און אדוואָקאטען, און דערפון קען מען זיך דרינגען, אז ער וועט ניט זיין ברוגז, ווען מען וועט זיך אויסקעמפפען דאס רעכט, ווייל ער אליין איז געשטערט דאָס צו טהאָן.

פעטער.

איז דאס געוויס?

אלבערט.

אין גאַנצען לאַנד רעדט מען דערפון.

פעטער.

אויב אזוי, וואָלט מען שוין געמעגט עפּעס וואגען.

ברעהמע.

ווי איהר דארפט זיך נעהמען צו דער ארבייט, ווי פאַר אלעמען דאַרף מען דעם ריכטער שטעלען אַן א זייט, און וואס עס איז נאָך ווייטער צו טהון, זאָלט איהר איבער אלעם ערפאהרען איידער עס וועט נאַכט ווערען. בערייטעט פאַר אייערע זאכען, רעגט אויף אייערע לייט, און איהר זאָלט זיך געפינען היינט ביינאַכט אום זעקס ביים הערענברונען. וואס יאָקאָב קומט ניט, פאַלט אויף איהם א חשד; עס איז אויך בעסער, וואס ער איז ניט געקומען. גיבט אכטונג אויף איהם, אז ער זאָל אונז וועניגסטענס ניט שאַדען; אין דעם וואס מיר וועלען געווינען, וועט ער שוין וועלען האָבען א טהייל. עס טאָגט; זייט מיר געזונד, און געדענקט נאָר, אז וואס עס האָט בעדארפט גע־שעהען, איז שוין געשעהען! די גרעפין קומט יעצט נאָר וואָס צוריק פון פּאַריז, וואו זי האָט אלעס געזעהען און געהרט, איבער וואָס מיר לעזען מיט פיעל פערוואונדערונג; פיעללייכט וועט זי שוין מיט־ברענגען מילדערע מיינונגען, ווען זי האָט ערפאהרען, אז געדריקטע מענשען קענען און מוזען קעמפּפען פאַר זייערע רעכטע.

מארטין.

זייט מיר געזונד, קוואַטער, זייט מיר געזונד! פּונקט אום זעקס וועל איך זיין ביים הערענברונען.

אלבערט.

איהר זייט א טיכטיגער מענש! זייט מיר געזונד.

פעטער.

איך וועל אייך ליבען, ווען אלעם וועט גוט דורכגעהן.

מארטין.

מיר ווייסען גאר ניט, ווי מיר זאלען אייך דאנקען.

ברעהמע.

(מיט שטאלץ:) איהר האט גענוג געלעגענהייט מיך צו בעלוינען. דאס קליינע קאפּיטאל, צום ביישפּיעל, פון צוויי טהאלער, וואס איך בין שולדיג דער קירכע, וועט איהר דאך מיר אודאי שענקען.

מארטין.

מיר וועלען קיין חרטה ניט האבען.

אלבערט.

אונזער געמיינדע איז וואהלהאבענד און וועט עס געוויס טהון פאר אייך.

ברעהמע.

מיר וועלען שוין זעהען. דאס שעהנע שטיקעל פּלאטץ איז געוועזן דאס געמיינזאל, נאר דער ריכטער האט עס ארומגערינגעלט פאר א גארטען. דאס וועט איהר ווידער צוריקנעהמען און מיר עס אוועק־געבען.

אלבערט.

דאס וועלען מיר שוין זעהען.

פעטער.

מיר ווילען אויך עפּעס האבען דערפון.

ברעהמע.

איהר אליין האט א פיינעם זוהן און א שעהנעם גוט; איך וואלט איהם געקענט געבען מיין טאכטער. גלויבט מיר, איך בין ניט שטאלץ. איך וועל אייך גערן רופען מיין מחותן.

### פעטער.

דאס מאַמזעלעלע איז גאַנץ שעהן; אבער זי איז שוין צו גרויס־ארטיג אויפגעצויגען.

### ברעהמע.

ניט גרויסאַרטיג, אבער קלוג. זי וועט זיך געפינען אין דער היים אין יעדען שטאַנד. אבער דאריבער קען מען נאָך פיעל רעדען. זייט מיר איצט געזונד, מיינע פריינד.

### אַלע.

זייט געזונד!



# צווייטער אויפצוג

## ערשטער אויפטריט

(גרעפין'ס פארצימער. אין הינטערגרונד, ווי אויך ביי די זייטען, הענגען ארעליגע פאמיליען־בילדער אין פערשיעדענע גייסטליכע און וועלטליכע קאסטיומען.)

(דער אממאן ערשיינט, און וועהרענד ער קוקט זיך אום, אויב עמיצער איז דא, קומט לואיזע פון דער אנדערער זייט.)

אממאן.

גוט מארגען, דעמאאזעל! קען מען רעדען מיט אייער עקסעלענץ? קען איך לעגען מיינע אונטערטהעניגע איבערגעבענהייט צו איהרע פים?

לואיזע.

געזוילדעט איין אויגענבליק, הערר אממאן. די גרעפין וועט באלד אריינקומען. די שווערע רייזע און די שרעק ביי איהר אנקומען, האבען געפאדערט זי זאל זיך אויסרוהען.

אממאן.

איך בעדויער פון גאנצען הארצען. נאך אזא לאנגער אבוועזענהייט און נאך אזא שווערער רייזע צו טרעפען איהר געליעבטען זוהן איז אזא צושטאנד! איך מוז מודה זיין, אז זיין שוידערט מיך, ווען איך דענק בלויז פון דעם. איהר עקסעלענץ האט זיך אודאי שטארק געענדערט?

לואיזע.

איהר קענט זיך גאנץ גוט פאָרשטעלען, וואס א צערטליכע מו־טער מוז פיהלען, ווען זי איז אריין אין הויז און געטראָפען אזא פער־ווירונג, ווען זי האָט געפרעגט אויף איהר זוהן און פון דעם צעגערן און זאָרגען, האָט זי געקענט פערשטעהען, אז מיט איהם האָט געוויס פאסירט אן אונגליק.

אמטמאַן.

איך בעדויער פון הארצען. וואס האָט זי געטהאָן?

לואיזע.

מיר האָבען געמוזט אויף גיך איהר אלעס דערצעהלען, כדי זי זאָל ניט איבערטראכטען דאס ערגסטע; מיר האָבען געמוזט זי פיה־רען צום קינד, וועלכעס איז געלעגען מיט א פערבינדענעם קאָפּ און מיט בלוטיגע קליידער. מיר האָבען זיך גאָר געקימערט פאר די קאָמ־פרעסען, אויסטהון האָבען מיר איהם ניט געקענט.

אמטמאַן.

עס האָט געמוזט זיין א שרעקליכע סצענע.

לואיזע.

זי האָט א קוק געטהאָן, ארויסגעלאָזען א הויכען געשריי און איז אריינגעפאלען אין מיינע אָרעמס. זי איז גאָר ניט געווען צום טרייי־סטען, ווען זי האָט זיך דערמינטערט. דערנאָך האָבען מיר געהאט די גרעסטע מיה איהר איינצורעדען, אז דאס קינד האָט בלויז א שטאַרקע בייל, אז עס האָט געבלוטעט בלויז פון דער נאָז און עס איז דערביי קיין געפאהר ניטאָ.

אמטמאַן.

איך וואָלט ניט וועלען זיין דער הויפמייסטער, וועלכער האָט אזוי פערנאַכלעסיגט דאס קינד.

לואיזע.

איך האָב מיך געוואונדערט איבער דער רוהיגקייט פון דער גרע־

פין, איבערהויפט ווען ער האָט בעהאַנדעלט דעם צופאַל אַ סך קעל־טער, ווי פאַר איהם האָט געפּאַסט.

אַמטמאַן.

זי איז צו גנעדיג און צו נאַכגעביג.

לואיזע.

אבער זי קען איהרע לייט און מערקט זיך אַלעס. זי ווייס ווער עס דיענט איהר עהרליך און געטריי; זי ווייס ווער עס איז נאָר לפּנים איהר אונטערטהעניגער קנעכט. זי קען די נאַכלעסיגע פּונקט אַזוי גוט, ווי די פאַלשע, די נאַראָנים, ווי די שלעכטע.

אַמטמאַן.

איהר זאָגט ניט צו פיעל. זי איז געווים אַ פאָרטרעפליכע דאַמע טאַקי דערפאַר. דער הויפּמייסטער פערדיענט, זי זאָל איהם הייסען געהען.

לואיזע.

אין אַלעמען וואָס עס איז נוגע אַ מענשען'ס שיקזאַל, געהט זי גאַנץ לאַנגזאַם צו דער ארבייט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גרויסען מענשען. עס איז ניטאָ קיין שרעקליכערעס ווי מאַכט און איבעראיילונג.

אַמטמאַן.

אבער מאַכט און שוואַכקייט זיינען אויך אַ שלעכטעס פּאָארעל.

לואיזע.

איהר וועט דאָך ניט זאָגען, אז די גנעדיגע גרעפין איז שוואַך!

אַמטמאַן.

גאָט בעהיטע, אז אַזאַ געדאַנק זאָל איינפאַלען אַן אַלטען און געטרייען דיענער. עס איז דאָך אָבער ערלויבט זיך צו ווינשען לטובה פון דער גנעדיגער הערשאַפט, אז מען דאַרף אַמאָל פאָרגעהען מיט מעהר שטרענקייט מיט מאַנכע מענשען, וועלכע פאָדערן אויף דיעזע שטרענגקייט.

לואיזע.

די גרעפין געהט! (לואיזע טרעט אָב.)



# צווייטער אויפטריט

(די גרעפין אין נעגליזשע. דער אמטמאן.)

אמטמאן.

אייער עקסעלענץ האט איבערראשט אייער דיענערשאפט, ווען מען מוז בלויז בעדויערען, וואס אייך האט בעגעגענט ביים צוריקקומען אזא שרעקליכעם בילד. מיר האבען פארטיג געמאכט אלעם פאר אייער עמפפאנג; די גרינגע צווייגען פאר אן עהרען-טויער ליעגט ווירקליך אין הויף; אלע געמיינדען האבען געוואלט רייהענווייז שטעהען נעבען אייער וואגען און אייך עמפפאנגען מיט א הויכען וויוואט; יעדער האט זיך שוין געפרייט, וואס ער האט אזא שעהנע געלעגענהייט אנצוטהאן דעם יום-טוב'דיגען ראק און אויספוצען זיינע קינדערלאך.

גרעפין.

עס איז מיר ליעבער, וואס די גוטע מענשען האבען זיך ניט געשטעלט אויףביידע זייטען וועגען; איך וואלט פאר זיי בשום אופן ניט געקענט מאכען קיין פריינדליכעם געזיכט, און ווענינגער ווי אלעמען גענגען אייך, הערר אמטמאן.

אמטמאן.

וואס מיינט איהר? מיט וואס האבען מיר פערדיענט די אונגנאדע פון אייער עקסעלענץ?

גרעפין.

איך קען ניט לייקענען, איך בין געוועזן זעהר געערגערט, ווען איך בין נעכטען געקומען אויפ'ן אבשייליכען וועג, וועלכער פאנגט אן גראדע דארט פון וואנען מיינע גיטער הייבען זיך אן. די גאנצע רייזע האב איך געמאכט כמעט אויף לויטער גוטע וועגען, און ווען איך בין געקומען אהיים, געפין איך זיי ניט אזוי שלעכט ווי פאר-א-יאהרען,

נאָר אזוי פאַסקודנע, אז זיי פערדיענען צו טראָגען דעם נאָמען פון דער ערגסטער שאָססע. דאָ האָט איהר טיעפע אויסגעהוילטע לעכער, וואוהין דער וואָגען וויל פערזינקען, פון וועלכען מען קען קוים ארויס־שלעפּען די פערד, דאַן שטיינער אָנגעוואָרפען אָהן אָרדנונג, אז אין א פערטעל שטונדע קען מען אין בעסטען וואָגען צוטרייסעלט ווערען.

אַמטמאַן.

אייער עקסעלענץ וועט מיך געוויס ניט פערדאַמען ניט אויסגע־הערט; נאָר מיין אייפעריגעס שטרעבען ביי אייך מיך פערדיענט צו מאַכען, איז די אורזאַכע פון דעם אַלעמען.

גרעפין.

איך פערשטעה —

אַמטמאַן.

עס איז בלויז אייער טיעפע נאַכזיכט די בויערען ניט צו קרימען אפילו א האָאר. זיי דארפען עס אויסבעסערען די וועגען, און אזוי ווי אייער עקסעלענץ בעפעהלט שאָסע, זיינען זיי שולדיג צו מאַכען שאָסע.

גרעפין.

איניגע געמיינדען האָבען עס געוואָלט.

אַמטמאַן.

דאס איז טאַקי דאס אונגליק. זיי האָבען געבראַכט די שטיינער. אזוי ווי אבער די איבריגע עזות־פּנים׳ער האָבען גאָר ניט געוואָלט טהון, זיינען געבליעגען ליעגען די שטיינער איבעראַל, און דערפאַר איז דער וועג יעצט אזוי אביסעל קרומלעך.

גרעפין.

איהר רופט עס אביסעל קרומלעך!

אַמטמאַן.

זאָל מיר אייער עקסעלענץ ענטשולדיגען, ווען איך זאָג זאָגאַר, אז דיעזער וועג איז גאָר מאַנכע מאָל זעהר גוט, ווייל זיך דורכטרייס־לען איז אַן אויסגעצייכענטעס מיטעל געגען מרה־שחורה.

גרעפין.

דאס איז אייער אייגענע סגולה.

אמטמאַן.

איצטער, וועגען דעם שטרייט וואס ווערט בעשריעבען פון דעם קייזערליכען רייכס־קאַמער געריכט, איז עס, זייט אייניגע יאָהר, גאַר ניט צו דענקען פאר דער וועגען־פערבעסערונג, דערפאַר געהען די האַלץ־פוהרען זעהר שווער, און ווען עס האָט נאָך אין דער לעצטער צייט גערעגענט, קען מען זיך שוין דאָרט גאַר ניט ריהרען; עס איז אַלזאָ קיין חידוש ניט, אז איינער וואס איז געוואָהנט געוואָרען אויף גוטע שאָסעען זאָל זיך אביסעל צו אונזערע וועגען ניט קענען צוגע־וועהנען.

גרעפין.

אביסעל? איך מיין טאַקי אין גאַנצען.

אמטמאַן.

אייער עקסעלענץ ליעבט צו מאַכען שפּאַס. מען געהט, פון דעסט־וועגען, דאָך דורך.

גרעפין.

יא, ווען מען בלייבט ניט ליעגען. איך האָב צוגעבראַכט זעקס שטונדען אויף אמאָל.

אמטמאַן.

יא, און מיט עטליכע טעג צוריק האָט עס נאָך לענגער געדויערט. צוויי מאָל בין איך גליקליך ארויסגעקומען, דאס דריטע מאָל האָט זיך א ראָד צובראָכען, און איך האָב זיך געמוזט לאָזען אריינשלעפּען. אבער ביי אלע דיעזע ערפאַהרונגען בין איך געוועזען געטרייסט און גוטמוטהיג; וויil איך האָב געטראַכט, אז די רעכטע פון אייער עקסעלענץ און פון אייער זוהן זיינען גערעטעט. אָפען גערעדט, וואָלט איך בעסער וועלען פאָהרען אויף אזעלכע וועגען פון דאַנען קיין פּאַריז, ווי נאָכ־צוגעבען אויף א פינגער׳ס ברייטקייט, ווען מען וויל אָנגרייפען די רעכטע פון מיין גנעדיגער הערשאַפט. איך וויל דערפאַר, אז אייער עקסעלענץ זאָל אויך אזוי דענקען, דאַן וואָלט איהר ניט געוואונדערט צוריק מיט אזוי פיעל אונצופריעדענהייט.

גרעפין.

איך מוז זאָגען, אז וועגען דעם האָב איך אַן אאַנדערע מיינונג, און ווען דיעזע בעזיטצטהימער וואָלטען מיר אליין געהערט, און ווען איך וואָלט ניט געהייסען בלויז א פערוואַלטערין, דאַן וואָלט איך מיך צוגעהערט צו מיין הארץ, וואס הייסט מיר זיין נאָכגעביג, און איך וואָלט א וואהרען פאָרטהייל ארויסגענומען אנשטאָט א פאלשען. איך וואָלט געווען גרויסמוטהיג, ווי עס פּאַסט יענעם, וועלכער האָט מאכט.

אמטמאַן.

אייער עקסעלענץ גלויבט, אז איך בין געגען דיעזער מיינונג. א פּראָצעס איז אזא חן'עוודיגע זאַך, אז ווען איך וואָלט געווען רייך, וואָלט איך מיר עטליכע געקויפט, אבי ניט צו בלייבען אָהן דעם פער־מעגען. (טרעט אָב.)

גרעפין.

עס שיינט, אז ער האָט שטארק חשק צו אונזערע בעזיטצטהימער.

---

## דריטער אויפטריט

גרעפין, מאַגיסטער.

מאַגיסטער.

דארף איך פרעגען, וואס די גנעדיגע גרעפין טהוט?

גרעפין.

ווי איהר קענט זיך פאָרשטעלען נאָך דער בעגעגעניש, וואס האָט מיך איבערפאלען ביי מיין אָנקומען.

מאַגיסטער.

עס האָט מיר שטארק לייד געטהון, דאָך, האָף איך, וועט עס האָבען א גוטען סוף. איבערהויפּט קענט איהר זיך דאָ ניט פיהלען גאַנץ

בעקוועם, נאָכדעם ווי איהר זוכט עס צו פערגלייכען מיט דער קורצער צייט, וואס איהר האָט דאָרט פערבראַכט.

גרעפין.

עס איז דאָ גרויס פערגעניגען צו זיין אין דער היים מיט די זייניגע.

מאַגיסטער.

ווי אָפט האָב איך אייך מקנא געווען מיט דעם גליק צו זיין דערביי, ווען עס האָבען פּאַסירט די גרעסטע געשעהענישען אין דער וועלט; צו זיין אַן עדות פון דעם געבענשטען רעש, וואס האָט אָנגעכאַפּט א גרויסע נאַציאָן אין דעם אויגענבליק ווען זי האָט זיך צום ערשטען מאָל געפיהלט פריי אָהן קייטען, וועלכע זי האָט געטראָגען אזוי לאַנג; אז דיעזע פרעמדע לאַסט, איז אויך ענדליך געוואָרען א גליעד פון איהר עלענדען קערפּער.

גרעפין.

איך האָב צוגעזעהען וואונדערבאַרע פּאַסירונגען, אָבער ווענינ פּרעהליכע.

מאַגיסטער.

אויב ניט פאַר די חושים, דאַן פאַר'ן גייסט. ווער עס מאַכט א פּעהלער, מיינענדיג גרויסע אַבזיכטען, האַנדעלט נאָך אַלץ ליעבענסווירדיגער ווי יענער, וואס האָט בלויז קליינע אַבזיכטען. מען קען בלאָנדזשען אויפ'ן רעכטען וועג און אויפ'ן פאַלשען וועג ריכטיג געהען — —

---

# פיערטער אויפטריט

## די פאָריגע, לואיזע.

(דורך דער אנקונפט פון דיעזער פּראַכטפאָלער פרוי, ווערט די לעבהאַפטיגקייט פון געשפּרעך פריהער געמילדערט, און דאַן אין

גאנצען איבערגעגאַנגען צו עפּעס אַנדערש. דער מאַגיסטער, וועלכער האָט מעהר ניט קיין אינטערעסע, געהט זיך אַוועק, און דאס געשפּרעך צווישען די צוויי פּרויענצימער ווערט פאָרטגעזעצט בזה הלשון:)

גרעפין.

וואס טהוט מיין זוהן? איך האָב נאָר וואָס געוואָלט געהען צו איהם.

לואיזע.

ער שלאָפט גאַנץ רוהיג און איך האָף, אז ער וועט באַלד וויעדער ארומשפּרינגען, און אין א קורצער צייט וועט גאָר ניט בלייבען אפילו קיין סימן פון דער בעשעדיגונג.

גרעפין.

דאס וועט זיין פּאסקודנע, ווען ניט וואָלט איך אביסעל אריין אין גאָרטען. איך בין נייגעריג צו זעהען ווי אַלעס איז אויסגעוואַקסען און ווי עס זעהען יעצט אוים דער וואַסערפאַל, די בריק און דער פעלזען־ווינקעל.

לואיזע.

אַלעס איז פּרעכטיג בעוואַקסען; די ווילדעניישען, וואס איהר האָט געפלאַנצט, וויזען אוים נאַטירליך. זיי בעצויבערען אַלעמען וועלכער זעהט זיי צום ערשטען מאָל, און אויך מיר גיבען זיי אין א שטילער שטונדע אן אנגענעהמע רוה. איך מוז אבער מודה זיין, אז איך האַלט מיך ליעבער אויף אין דער בוים־שולע אונטער די פרוכט־בארע בוימער. דער געדאַנק פון נוטצען פערשאַפט מיר פערגעניגען, איך קען זעען, שניידען און צונויפנעהמען; און ווען אפילו מיינע אויגען האָבען ניט קיין מאַלערישע חושים, פון דעסטוועגען דערקוויק איך מיך מיט די שעהנע סצענען.

גרעפין.

איך שעטץ אייערע געפיהלען וועגען הויז־זאַכען.

לואיזע.

דאָס זיינען די איינציגע, וואָס פּאַסען פאַר מיין שטאַנד, וועל־

בער מוז דענקען איבער דעם נויטוועגדיגען און האָט קיין צייט פאַר עפּעס אַנדערש.

גרעפין.

האָט איהר זיך איבערלעגט דעם אַנטראַג, וואס איך האָב אייך געמאַכט אין מיין לעצטען בריעף? קענט איהר זיך ענטשליעסען צו ווידמען אייער צייט פאַר מיין טאָכטער אלס פריינדין און אלס געזעלשאַפטערין?

לואיזע.

איך וויל מיך גאָר ניט בעדענקען, גנעדיגע גרעפין.

גרעפין.

און איך האָב מיך גראַדע פיעל בעדענקט, איידער איך האָב אייך געשטעלט דעם אַנטראַג. די ווילדקייט און צולאַזענקייט פון מיין טאָכטער וועט מאַכען דעם אומגאַנג מיט איהר אונאַנגענעהם און פערדריעסליך. ווי גרינג מיין זוהן איז צום בעהאַנדלען, אזוי שווער וועט עם זיין אומצוגעהען מיט מיין טאָכטער.

לואיזע.

דערפאַר אָבער פערדיענט איהר עדעלעס הארץ, איהר אַרט האַנדלונג, ווערטה יעדע אַכטונג. זי איז אַן אויפגערעגטע, אבער מען קען זי באַלד בערוהיגען; ניט נאָכגעביג, אבער גערעכט; שטאָלץ, אָבער מענשליך.

גרעפין.

אין דעם איז זי געראָטהען אַן איהר פאָטער —

לואיזע.

שטארק געראָטהען. אויף א מערקווירדיגען אופן האָט די נאַטור ארויסגעוויעזען איהר רויען פאָטער אין דער טאָכטער, אין זוהן וויעדער די צערטליכע מוטער.

גרעפין.

פּרובירט, לואיזע, דיעזע ווילדע, אָבער עדעלע פייער, צו אונטערדריקען. איהר בעזיטצט אַלע טוגענדען, וואס פעהלען איהר. נעבען

אייך, דורך אייערביישפּיעל, וועט זי געווייצט ווערען און פון אייך זיך אראָבנעהמען א מוסטער פון ליעבענסווירדיגקייט.

לואיזע.

איהר פערשעהמט מיך, גנעדיגע פרוי. איך קען אין מיר קיין אַנדערע טוגענד, אויסער יענע, אז איך האָב מיך געוואוסט ווי צו געפינען אין מיין שיקזאַל. דאס אליין וויעדער האָט אויך מעהר קיין ווערטה, זייט איהר, גנעדיגע גרעפין, האָט אזוי פיעל געטהאָן צו פערלייכטערען מיין שיקזאַל. נאָך'ן טויט פון מיין פאָטער און דעם פאַל פון מיין פאַמיליע, האָב איך מיך אויסגעלערענט פיעלעס צו ליידען.

גרעפין.

ביי אייער אָנקעל מוזט איהר פיעל אויסשטעהען.

לואיזע.

ער איז א גוטער מענש, אבער זיין איינבילדונג מאַכט איהם אָפט צום נאַר, איבערהויפּט זייט דער לעצטער צייט, וואס יעדער רעכענט, אז ער האָט א רעכט, ניט נאָר צו רעדען איבער גרויסער וועלט־פּאָלי־טיק, נאָר אויך אין דעם נעהמען אנטהייל.

גרעפין.

מיט איהם פּאַסירט עס ווי מיט פיעלע אַנדערע.

לואיזע.

איך האָב מאַנכע מאָל געמאַכט מיינע בעמערקונגען דאריבער שטילערהייט. ווער עס האָט ניט געקענט די מענשען, וואָלט זיי איצט גרינג דורכשטודירען. פיעלע נעהמען זיך אָן פאַר פרייהייט און גלייכ־הייט, נאָר מיט זיך אליין מאַכען זיי אַן אויסנאַהמע.

גרעפין.

איהר וואָלט אויך דאַזעלבע ערפאַהרען, ווען איהר וואָלט געווען מיט מיר אין פּאַריז.



# פינפטער אויפטריט

## פריעדעריקע, דער באראָן, די פריהעריגע.

פריעדעריקע.

דאָ, ליעבע מוטער, איז א האָז און צוויי פעלד־היהנער. איך האָב זיי אלע דריי דערשאָסען. דער פעטער האָט געשפיעלט די ראָלע פון פודעל.

גרעפין.

דו זעהסט אויס ווילד, פריעדעריקע, ווי דו ביסט דורכגענעצט!

פריעדעריקע.

(אָבטרייסלענדיג דאס וואסער פון הוט:) עס איז דער ערשטער גליקליכער מאָרגען, וואס איך האָב שוין ניט געהאט זייט א לאנגע צייט.

באראָן.

זי יאָגט מיך שוין ארום אין פעלד זייט פיער שטונדען.

פריעדעריקע.

עס איז געווען אַן אמת׳ער פערגניגען. באלד נאָך׳ן עסען געהען מיר ווידער ארויס.

גרעפין.

ווען דו וועסט אזוי טהון איינס נאָך אנאנדער, וועט עס דיר באלד נמאס ווערען.

פריעדעריקע.

גיט מיר נאָר דאָס צייגניס, ליעבע מאמא! ווי אָפט האָב איך, אין פאריז, געביינקט נאָך אונזערע געגענדען! די אָפערען, די טהעאטע־ס, די געזעלשאפטען, די געסט, די שפאציער־גענג, וואס איז דאס אלעס געגען איין טאָג פון פערגניגען אויף דער יאגד, אונטער׳ן פריי־ען הימעל, אויף אונזערע בערג, וואו מיר זיינען געבוירען און גע־

וואָהנט געוואָרען! — פעטער, מאָרגען וועלען מיר מאַכען א גרויסע יאַגד.

באַראָן.

איהר וועט נאָך מוזען ווארטען; די פרוכט האָט נאָך ניט ארויס־געשפּראָצט אויפ׳ן פעלד.

פריעדעריקע.

וואס וועט דאס דען שאדען? עס איז כמעט פון גאָר קיין בעדייטונג. אזוי באַלד ווי עס איז אביסעל אָבגעטריקענט, וועלען מיר עס טהון.

גרעפין.

געה, טהו דיך איבער. מיר דאַכט, אז מיר וועלען נאָך האָבען א גאַסט צום עסען, וועלכער וועט דאָ פערבלייבען א קורצע צייט.

באַראָן.

וועט קומען דער הויפראטה?

גרעפין.

ער האָט מיר פערשפּראָכען, ווענינגסטענס אויף א שטונדע דאָ צו זיין. ער געהט אויף קאָמיסיאָן.

באַראָן.

אין לאַנד קומען פאָר עטליכע אונרוהען.

גרעפין.

עס איז א קלייניגקייט, ווען מען פיהרט זיך נאָר אויף שכל׳דיג געגען די מענשען.

פריעדעריקע.

אונרוהען? ווער וויל עס מאַכען אונרוהען?

באַראָן.

ניט צופריעדענע בויערן, וועלכע ווערען געדריקט פון זייערע הערשאַפטען און געפינען גאַנץ גרינג אָנפיהרער.

## פריעדעריקע.

אָט יענע דאָרף מען דורכשיסען די קעפּ. (זי מאַכט בעוועגונגען מיט דער ביקס.) זעהט נאָר, גנעדיגע מאַמאַ, ווי אַזוי דער מאַגיסטער האָט מיר פערנאַכלעסיגט די ביקס. איך האָב זי דאָך געוואָלט מיט־נעהמען און אַזוי ווי איהר האָט ניט ערלויבט, האָב איך זי געוואָלט איבערלאָזען דעם יעגער. דאַן האָט דער גרויז־ראָק מיך אָנגעהויבען צו בעטען איהם זי איבערצולאָזען: „זי איז אַזוי גרינג," האָט ער גע־זאָגט, „אַזוי בעקוועם," אַז ער וועט אָפּט געהען אויף דער יאַגד. איך בין געוועזען גוט צו איהם. און איצט, זעהט נאָר, האָב איך זי הײַנט געפונען אין שטוב הינטער'ן אויוועז. ווי זי זעהט אויס! ווי לאַנג איך וועל לעבען, וועט זי ניט ווידער ריין ווערען.

## באַראָן.

ער האָט וועהרענד דער צייט מעהר געהאַט צו טהון; ער אַרבייט מיט ביי דער אַלגעמיינער גלייכהייט, ער האָט הפּנים די האָזען אויך געהאַלטען פאַר זיין גלייכען און פאַר זיי געהאַט רעספּעקט און זיי ניט געשאָסען.

## גרעפין.

טהוט אייך אָן, קינדער, כּדי מיר זאָלען ניט דאַרפען וואַרטען, אַזוי ניך ווי דער הויפּראַטה קומט, וועלען מיר עסען. (אָב.)

## פריעדעריקע.

(בעטראַכטענדיג איהר ביקס:) איך האָב שוין אָפּט פערשאָלטען די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן, און איצט טהו איך עס דאָפּעלט און דרייפאַך. ווי קען מיר דער שאָדען ערזעטצט ווערען, ווען מיין ביקס איז פערזשאַווערט?



# פיערטער אויפצוג.

## ערשטער אויפטריט

### ברעהמע'ס וואוינונג.

ברעהמע, מארטין, אלבערט.

ברעהמע.

זיינען אלע אייערע ליט אויף זייערע שטעלעס? האט איהר זיי גוט אונטערריכטעט? זיינען זיי מוטהיג?

מארטין.

אזוי גיך, ווי איהר וועט שטורמען מיט'ן גלאק, וועלען זיי אלע זיין דא.

ברעהמע.

דאס איז גוט! ווען אין שלאס וועלען אויסגעלאשען ווערען די ליכט, ווען עס וועט זיין האלבע נאכט, זאל עס גלייך געשעהען. אונזער גליק איז, וואס דער הויפראטה געהט אוועק. איך האב זעהר מורא געהאט, אז ער וועט בלייבען און אונז קאליע מאכען דעם גאנצען שפאס.

אלבערט.

איך האב נאך אליץ מורא, אז אלעס וועט ניט אבגעהען גאנץ גלאט. איך האב שוין מורא פאראויס צו הערען דעם גלאק.

ברעהמע.

זייט נאר רוהיג! האט איהר ניט היינט אליין געהרט, ווי שלעכט

צו געפינען ווי איך האָב פון אייך גענומען אבשיעד, און איהר זייט נאָך געבילדעטער. איהר זייט געווען א שילערין פון די גרויסע מענער, וועלכע האָבען אונז געבראכט צו פרייהייט דורך זייערע שריפטען, און איצט געפין איך אין אייך א קינד פון די גרויסע פאָסירונגען, וועל־כע גיבען אונז א לעבעדיגען בעגריף פון אלעמען, וואס דער שטאָאטס־בירגער ווינשט און פעראבשייעט. עס פאסט אייך ווי איהר האנדעלט. יעדער קען נאָר בעאורטהיילען און טאדלען זיין אייגענעם שטאנד. יעדער טאדעל ארויף אדער אראָב איז פערמישט מיט נעבענבעגריפען און קלייגקייטען, נאָר דורך זיין גלייכען קען מען געאורטהיילט ווערען. אבער טאקי דערפאר, ווייל איך בין א בירגער, וועלכער אנערקענט דאס גרויסע געוויכט פון העכערען שטאנד אין שטאאט, בין איך אָבער אויך געגען קליינע פרעטענזיעס. ווען אלע פאָרציגע זאָלען גילטען. געזונדהייט, שעהנהייט, יוגענד, רייכטהום, פערשטאנד, טאלענט, קלי־מאַ, ווארום זאָל ניט גילטען דער פאָרצוג, אז איך שטאם אָב פון א רייהע מוטהיגע, בעקאנטע און עהרענפולע אבות! דאס וויל איך זאָגען, אפילו ווען מען זאָל מיר געבען דעם פערהאסטען נאָמען פון אן אריסטאָקראט!

(דאָ געפינען מיר א ווינקעל, וואס מיר מוזען אויספיעלען דורך ערצעהלונג. דער טרוקענער ערנסט פון דיעזער סצענע ווערט דורך דעם געמילדערט, וואָס דער הויפראטה ווייזט א נייגונג צו לואיזע'ן, און ער ווייזט זיך בערייט מיט איהר צו הייראטהען. איהר פריהעריגע ערפאהרונג ווערט געשילדערט.)



# דריטער אויפצוג

---

## זאאל אין שלאָס.

גרעפין, הויפראַטה.

### גרעפין.

איך גיב עס אייך אויפ'ן געוויסען, טהייערער פריינד. דענקט נאָר נאָך ווי מיר קענען מאַכען א סוף פון דיזען אונאַנגענעהמען פּראָצעס. אייערע גרויסע קענטניסע פון די געזעטצע, אייער פערשטאַנד און אייער מענשליכקייט וועלען געוויס העלפען צו געפינען א מיטעל, ווי אזוי מיר קענען ארויס דערפון. אמאָל האָב איך עס גרינגער בעטראַכט, ווען מען האָט אונרעכט און מען איז בעל הבית; נאָך דעם אָבער ווי איך האָב געזעהען, אז פון דור צו דור ווערט די וועלט אַנדערש, ווי גרויסמוטהיגע האַנדלונגען זיינען מייסטענטהיילס בלויז פּערזענליך און איינענניטציגקייט געהט איבער בירושה; זייט איך האָב געזעהען מיט די אויגען, אז די מענשליכע נאַטור ווערט גדריקט און ערניע־דריגט, אבער זי קען ניט ווערען אונטערדריקט און פערניכטעט, האָב איך מיר שטאַרק פאָרגענומען יעדע איינציגע האַנדלונג, וואס שיינט מיר ניט צו זיין איינפאַך, זאָל איך זי אליין שטרענג פערבינדען און אונטער די מייניגע, אין געזעלשאַפט, אין הויף, אין שטאָדט איבער אַזעלכע מיינונגען ארויסזאָגען הויך מיין מיינונג. איך וועל מעהר ניט פערשווייגען קיין אונגערעכטיגקייט, קיין קליינינגקייט זאָל מעהר ניט טראָגען קיין גרויסען שיין, אפילו ווען מען זאָל מיך שטעלען אונטער דעם פערהאַסטען נאָמען פון א דעמאָקראַטין.

### הויפראַטה.

עס איז שעהן, גנעדיגע גרעפין, און איך פרעה מיך, אייך ווידער

עס שטעהט יעצט מיט די פּאַרנעהמע לייט? האָט איהר געהערט, וואס מיר האָבען געזאָגט דער גרעפין אין פנים אריין?

מאַרטין.

עס איז אָבער בלויז געווען אויף שפּאַס.

אַלבערט.

פאר א שפּאַס איז דאס געווען גענוג גרויס.

ברעהמע.

האָט איהר געהערט, ווי איך האָב פערטהיידיגט אייערע אינטע־רעסען? ווען עס וועט ווערען ערנסט, וועל איך, אָט אזוי, פאַרקומען פאר'ן קייזער. און וואָס זאָגט איהר עפּעס אויפ'ן הערר מאגיסטער, האָט ער זיך ניט אויך גוט געהאַלטען?

אַלבערט.

מען האָט עס אייך אָבער אויך גוט צוריקגעגעבען. צום סוף האָב איך געמיינט, אז עס וועט קומען צו קלעפּ, און אונזער גנעדיגע קאָמ־טעסע איז דאס געווען פונקט ווי איהר זעליגער פאָטער וואָלט דאָ גע־שטאַנען.

ברעהמע.

ווארפט נאָר אוועק דאס „גנעדיגע"! מען וועט שוין באַלד מעהר ניט האָבען צו גנעדיגען. זעהט, דאָ האָב איך שוין פאַרטיג די בריעף, און איך שיק זיי אוועק אין די בענאַכבאַרטע געריכטס־דערפער. אזוי גיך ווי דאָ פאַנגט עס אָן, זאָלען זיי אויך שטירמען און רעבעלירען און אויפפאָדערען זייערע שכנים.

מאַרטין.

דערפון קען שוין עפּעס ווערען.

ברעהמע.

געוויס! דאַן עהרע ווער עס פערדיענט עהרע! אייך, מיינע ליע־בע קינדער, אייך וועט מען בעטראַכטען אלס די בעפרייער פון לאַנד.

מאַרטין.

איהר, הערר ברעהמע, וועט געניעסען דעם גרעסטען לויב.

ברעהמע.

ניין, אזוי דארף עס ניט זיין; אלעס מוז גלייך געטהיילט ווערען.

מארטין.

פון דעסטוועגען זייט איהר דאך געווען דער אנפאנגער.

ברעהמע.

גיט מיר די הענד, בראווע מענער! אזוי זיינען אמאל געשטאנען די דריי גרויסע שווייצער, ווילהעלם טעלל, וואלטהער שטויבבאך, און פירסט פון אורי. זיי זיינען געשטאנען צוזאמען אויף דעם גרעט־ליבארג און געשוואוירען אייביגען האס געגען די טיראנען און פאר זייערע מיטגענאסען אייביגע פרייהייט. ווי אפט האט מען געמאהלען דיעזע נאקעטע העלדען און אין קופער אויסגעארבייט! אויך מיר וועלען האבען אזא עהרע. אין דיעזער פאזע וועלען מיר שטעהען פאר די שפעטערדיגע דורות.

מארטין.

ווי איהר דענקט דאס אלעס אזוי גוט אויס.

אלבערט.

איך האב נאר מורא פאר אן אנדערען סוף. הערט! עמיצער קלינגט. מיר ציטערט דאס הארץ ווען עפעס בעוועגט זיך.

ברעהמע.

שעהמט זיך! עס איז אודאי דער מאגיסטער, וועלכען איך האב אהער בעשטעלט. די גרעפין האט איהם אבגעזאגט פון דיענסט; די קאמטעסע האט איהם שטארק בעליידיגט. מיר וועלען איהם גאר גרינג ארייניציהען אין אונזער פארטיי. און מיר וועלען האבען צווישען אונז א גייסטליכען, וועלען מיר זיין זיכערער.

מארטין.

א גייסטליכען און א געלערענטען.

ברעהמע.

וואס איז נוגע דער געלעהרזאמקייט, גיב איך איהם גאר

ניט נאָך, איבערהויפט ווייס ער וועניגער פון פּאָליטיק ווי איך. אַלע כראָניקעס, וואס איך האָב בירושה פון מיין זעליגען זיידען, האָב איך דורכגעלעזען נאָך אין מיין יוגענד, און דאס אייראָפּעאישע טהעאטער קען איך אי אינוועניג אי אויסוועניג. וועך עס פערשטעהט נאָר, וואס עס איז געשעהען, ווייס אויך, וואס עס געשעהט און וואס עס וועט געשעהען. עס איז תמיד דאסזעלבע; אין דער וועלט קומט ניט פאָר קיין נייעס. דער מאַגיסטער קומט. האַלט! מיר מוזען איהם שעהן עמפפאַנגען, ער מוז קריעגען פאַר אונז רעספּעקט. מיר וועלען יעצט פאָרשטעלען די רעפּרעזענטאַנטען פון דער גאַנצער נאַציאָן. זעטצט זיך!

(ער שטעלט די שטוהלען אויף איין זייט פון דער ביהנע, אויף דער אַנדערער איינעם. ביידע שולצען זעטצען זיך, און ווי דער מאַגיסטער קומט אריין, זעטצט זיך ברעהמע שנעל צווישען זיי און ווערט שטאַרק ערנסט.)

---

## צווייטער אויפטריט

### די פאָריגע, דער מאַגיסטער.

מאַגיסטער.

גוט מאָרגען, הערר ברעהמע! וואס איז נייעס? איהר האָט געזאָגט, אז איהר ווילט מיר זאָגען עפּעס א וויכטיגע זאך.

ברעהמע.

געוויס עפּעס זעהר וויכטיגעס. זעטצט זיך. (דער מאַגיסטער וויל נעהמען דעם איינציגען שטוהל און זיך צורוקען צו זיי.) ניין, בלייבט דאָרט, זעטצט זיך דאָרט אַניעדער! מיר וייסען נאָך ניט, אויב איהר ווילט זיטצען אויף אונזער זייט.

מאַגיסטער.

א וואונדערבארע פאָרבערייטונג.

## ברעהמע.

איהר זייט א מאַן, א פרייגעבאָרענער, א פריידענקענדער, א גייסטליכער, אַן עהרענווירדיגער מאַן. איהר זייט עהרענווירדיג ווייל איהר זייט גייסטליך, און איהר זייט שעטצבאר ווייל איהר זייט פריי. איהר זייט פריי ווייל איהר זייט עדעל. יעצט, וואס האָבען מיר גע־מוזט דערלעבען! מיר האָבען אייך געזעהען פעראַכטעט! מיר האָבען אייך געזעהען בעליידיגט! אבער מיר האָבען אויך געזעהען אייער עדעלען צאָרן, אַן עדעלער צאָרן אָבער אָהן ווירקונג. גלויבט אונז, אז מיר זיינען אייערע פריינד, און גלויבט אויך, אז עס קריינקט אונז, ווען מען בעהאַנדעלט אייך שלעכט. אַן עדעלער מאַן און אויף חוזק, א פרייער מאַן און געסטראַשעט, א גייסטליכער און פעראַכטעט, א געטרייער דיענער און פערשטויסען! איהר זייט אפילו געקומען אויף חוזק פון לייט, וואס זיינען אליין חוזק, פעראַכטעט פון מענשען, וואס האָבען קיינע אכטונג, וואס האָבען ניט ווערטה קיין אכטונג, פער־שטויסען פון אונדאַנקבאַרע, וועמעס וואָהלטהאַטען מען וויל ניט גע־ניעסען, געסטראַשעט פון א קינד, פון א מיידעל! — דאס זעהט ניט אויס פון גרויסער בעדייטונג; אבער ווען איהר בעדענקט, אז דיעזעס מיידעל איז קיין מיידעל, נאָר גאָר אַן איינגעפלאַשטער שטן, אז מען קען זי רופען טייוועל־לעגיאַן — ווייל פיעלע טויזענדער אריס־טאָקראַטישע רוחות ליעגען אין איהר — דאַן זעהט איהר דייטליך, וואס מיר האָבען צו ערוואַרטען פון אלע אַריסטאָקראַטען, איהר זעהט עס, און ווען איהר זייט קלוג, דאַן נעהמט אליין אייערע מאַסרעגעלען.

## מאַגיסטער.

צו וואס טויג דיעזע זאָנדערבאַרע רעדע? וואוהין קען דאס אייך פיהרען? זאָגט איהר דאס, אום נאָך מעהר אויפצורעגען מיין צאָרן געגען דיעזער פערדאַמטער בעשעפעניש, אום מיך נאָך מעהר צו ריי־צען? שווייגט בעסער שטיל, ווייל איך וויים ניט צו וואס מיין גע־קריינקטעס האַרץ קען מיך נאָך פיהרען. וואס? נאָך אזוי פיעלע דיענסטען, מיך ערשט ארויסוואַרפען פון דער טהיר? און ווארום? וועגען א בייל, פאר א צוקוועטשטע נאָז, מיט וועלכע הונדערטער אַנ־דערע קינדער געהען וואָך ארום. אבער מיר קומט עס! די גרויסע וויי־

סען ניט ווען זיי בעליידיגען אין אונז, אז מיר האבען צונגען און פעדערן!

ברעהמע.

דיעזער ערדלער צארן מאכט מיר פרייד, און דערפאר פרעג איך דיך אין נאמען פון אלע עדלע, פרייגעבארענע, אויב איהר ווילט דיעזע צונג און דיעזע פעדער ווידמען אין דיענסט פון דער פריי־הייט?

מאגיסטער.

יא, איך וויל, און איך וועל עס אויך טהון!

ברעהמע.

אז איהר ווילט ניט פערזאמען קיין געלעגענהייט צו דיענען צום עדלען צוועק, וואס בעגייסטערט איצט די גאנצע מענשהייט.

מאגיסטער.

איך גיב אייך מיין ווארט דארויף.

ברעהמע.

דאן גיט מיר אייער האנד — מיר און דיעזע מענער!

מאגיסטער.

יעדען; אבער וואס האבען צו טהון דיעזע ארעמע לייט, וואס מען בעהאנדעלט ווי שקלאפען — יא, וואס האבען זיי צו טהון מיט פרייהייט?

ברעהמע.

זיי זיינען בלויז נאר איין שפאן דערפון, א שפאן וואס איז אזוי ברייט, ווי די שוועל פון געפענגניס, ביי וועמעס אפענע טהיר זיי שטעהען.

מאגיסטער.

וואס מיינט איהר?

ברעהמע.

דער אויגענבליק איז נאהענט, די געמיינדען זיינען פערזאמעלט,

אין א שטונדע וועלען זיי דאָ זיין. מיר וועלען איבערפּאַלען דאס שלאָס, צווינגען די גרעפין אונטערצושרייבען דאס פּאַפּיער און אונז פערזיכערען דורך א שבועה, אז אין דער צוקונפט וועט זי ארונטער־נעהמען אלע דריקענדע לאַסטען.

מאַגיסטער.

איך בין ערשטווינט!

ברעהמע.

איך דענק נאָר איבער וועגען דער שבועה. די פּאַרנעהמע לייט גלויבען מעהר אין גאָר ניט. זי וועט שווערען און דערנאָך זיך מתיר נדר זיין. מען וועט איהר בעווייזען, אז א געצוואונגענע שבועה האָט קיין ווערטה ניט.

מאַגיסטער.

דערפאר וועל איך געבען אן עצה. דיעזע מענשען, וואס שטעלען זיך אוועק העכער פון אלעם, בעהאַנדלען זייער גלייכען ווי בהמות, אָהן ליעבע, אָהן רחמנות, אָהן מורא לעבענדיג מיט חוצפה גלאָט אין דער וועלט אריין, כל זמן זיי האָבען צו טהון מיט מענשען, וואס זיי שעטצען ניט, כל זמן זיי רעדען פון א גאָט, וואס זיי קענען ניט, דיעזע באנדע קען זיך אָבער ניט בעפרייען פון א געהיימען שרעק, וואס נעהמט דורך אלע לעבעדיגע קרעפטען פון דער נאַטור, זאָלען זיי שווע־רען א פייערליכע שבועה!

מאַרטין.

זי זאָל שווערען אין קירכע!

ברעהמע.

ניין, אונטער'ן פרייען הימעל.

מאַגיסטער.

דאס איז גאָר ניט. דיעזע פייערליכע סצענען ריהרען נאָר די איינבילדונגס־קראַפט. איך וועל איך עפּעס אנדערש אויסלערנען: רינגעלט זי ארום און לאָזט זי אין אייער מיטע לעגען די האַנד אויף איהר זוהן'ס קאָפּ, און ביי דיעזען געליעבטען קאָפּ פערשפּרעכען און שווערען ביי אלעם, וואס א מענשען איז טהייער, אז זי וועט האַלטען וואָרט.

ברעהמע.

פראכטפאָל!

מאַרטין.

שרעקליך!

אַלבערט.

גלויבט מיר, אז זי איז אויף אייביג געבונדען.

ברעהמע.

איהר זאָלט אין איהר קרייז אריינטרעטען און אויסשארפען איהר געוויסען.

מאַגיסטער.

אין אלעמען וואס איהר ווילט טהון, נעהם איך אנטהייל. אָבער זאָגט מיר נאָר, ווי וועט מען דארויף קוקען אין דער רעזידענץ? ווען זיי וועלען אייך שיקען דראגונער, זייט איהר אלע פערלוירען.

מאַרטין.

דארויף קען זיך שוין הערר ברעהמע אן עצה געבען.

אַלבערט.

יא, וואס דאס איז פאַר א קאָפּ!

ברעהמע.

יא, יא, דאס איז טאקי וואס מען זוכט ניט הינטער הערמאַן ברעהמע דעם צווייטען. ער האָט קאָנעקציאָנען, פערבינדונגען, דאָרט וואו מען גלויבט, אז ער האָט בלויז קונים. אזוי פיעל קען איך אייך נאָר זאָגען, און דאס ווייסען דיעזע לייט, אז דער פירסט אליין וויל א רעוואָלוציאָן.

מאַגיסטער.

דער פירסט?

ברעהמע.

ער הערט די מיינונגען פון פריעדריך און יאָזעף, פון ביידע מאָנארכען, צו וועלכע אלע אמת'ע דעמאָקראטען זאָלען בעטען ווי צו זייערע הייליגע. ער איז אין כעס צו זעהען ווי די בירגער און בויערן

שטאנד זיפצען אונטער'ן דרוק פון אדעל; ליידער קען ער אליין גאר ניט טהון, ווייל ער איז ארומגערינגעלט פון לויטער אריסטאקראטען. אזוי גיך אבער ווי מיר וועלען זיין ארגאניזרט, וועט ער זיך שטעלען אן אונזער שפיטצע און זיינע טרופען וועלען שטעהען צו אונזערע דיענסטען, און ברעהמע און אלע בראווע מענער וועלען זיין אויף זיין זייט.

מאגיסטער.

ווי אזוי האט איהר דאס אלעס אויסגעפארשט און געטהאן און גאר ניט געלאזט מערקען?

ברעהמע.

מען מוז פיעל טהון שטילערהייט, אום צו איבערראשען די וועלט. (ער געהט צו צום פענסטער:) ווען דער הויפראטה זאל נאר אוועק, דאן וואלט איהר געזעהען נסים.

מארטין.

(ווייזענדיג אויף ברעהמע'ן:) ניט וואהר, אז דאס איז א מאן?

אלבערט.

ער קען איינעם איינגעבען מוטה.

ברעהמע.

און, ליעבער מאגיסטער, די פערדיענסטען, וואס איהר וועט ער־ ווערבען היינטיגע נאכט, וועלען ניט בלייבען ניט בעלוינט. מיר אר־ בייטען היינט פאר'ן גאנצען פאטערלאנד. פון אונזער דארף וועט אויפגעהען די זונן פון פרייהייט. ווער האט זיך דאס פארגעשטעלט?

מאגיסטער.

האט איהר קיין מורא ניט פאר ווידערשטאנד?

ברעהמע.

דערפאר האט מען זיך שוין געזארגט. דער אמטמאן און די גע־ ריכטסדינער וועלען באלד געפאנגען ווערען. דער הויפראטה פאהרט אוועק; די פאאר דיענער וועלען גאר ניט זאגען, און דער באראן איז נאר דער איינציגער מאן אין שלאס. איהם וועל איך, דורך מיין טאכ־

טער, פערנארען אין הויז אריין און איהם אָבשפּארען ביז אלעס וועט זיין פאַראיבער.

מארטין.

א גוטער פּלאַן.

מאַגיסטער.

איך וואונדער מיך איבער אייער חכמה.

ברעהמע.

נו, נו, ווען עס איז נאָר דאָ א געלעגענהייט זי ארויסצואווייזען, זאָלט איהר נאָך מעהר זעהען. איבערהויפּט וואס עס אנבעטרעפט די אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען. גלויבט מיר, עס איז גאָר ניטאָ קיין העכערעס, ווי א גוטער כירורג, איבערהויפּט ווען ער איז אויך א גע־ניעטער בארביער. דאס נארישע פאָלק רעדט פיעל איבער באָרד־קראַטצען און בעדענקט ניט, וואס מען בעדאַרף האָבען עמיצען צו ראזירען, אז עס זאָל ניט קראַטצען. גלויבט מיר, אז מען בעדארף צו קיין זאך ניט האָבען מעהר פּאָליטיק, ווי די חברה צוצופוצען די בערד־לעך, ביי זיי אוועקנעהמען דאס מיאוס'ע און פּאסקודנע, וואס קלייבט זיך אָן אויף זייערע מעננליכע מאָרדעס און מאַכען פון דעם מאַן א געשטאַלט מיט זימען פון גלאַט־באַקענדיגער פרוי, אדער פון א צאר־טען, ליעבענסווירדיגען בחור'ל. ווען איך וועל אמאָל קומען דערצו, דאַן זאָל מען שטוינען איבער דער טהעאָריע פון דער בארבער־קונסט, פון וועלכער איך וועל ארויסנעהמען אלע לעבענס און קלוגהייטס רעגלען.

מאַגיסטער.

איהר האָט אַן אָריגינעלען קאָפּ.

ברעהמע.

יא, דאס וויים איך שוין, און דערפאר האָב איך פיעלען מוחל געווען, ווען זיי האָבען מיך אָפט ניט געקענט בעגרייפען און ווען זיי האָבען געגלויבט, אז זיי האָבען מיך ארייגגענארט. אבער איך וועל זיי ווייזען, ווער עס איז דער חכם, ווער עס קען גוט אָנזייפען, און ווער עס קען גלאַט ראזירען; ווער עס וויים, אז א פריש אויסגעשארפטע בריטווע קען אמאָל גראדע אזוי גוט רייסען ווי א שטומפּיגע, ווער עס

קען מיט׳ן שטריך און געגען שטריך פערנעהמען די האָאר; ווער עס קען געבען די ריכטיגע טעמפּעראַטור דעם וואַרעמען וואַסער צום אָב־וואַשען — אזעלכער וואס קען דאס אלעס, איז ניט קיין פּראָסטער מענש, זאָנדערן ער מוז בעזיטצען אלע מעלות, וואס פּאַסען פאר א מיניסטער.

אלבערט.

יא, יא, עס איז א חילוק צווישען א באַרביער און א באַרביער.

מאַרטין.

איבערהויפּט הערר ברעהמע!

ברעהמע.

נו, נו, עס וועט זיך שוין ארויסווייזען. איהר זאָלט הערען און זעהען וואונדער. איצט איז עס אָבער צייט, אז איך זאָל זעהען מיין טאָכטער. איהר, לייט, געהט אויף אייערע שטעלעס. הערר מאַגיסטער, האַלט זיך בשכנות.

מאַגיסטער.

איך וועל אריינגעהען אין גאַסטהויז, וואוהין איך האָב געלאָזט אריינברענגען מיינע זאכען, ווען מען האָט מיר געהייסען געהען פון שלאָס.

ברעהמע.

ווען איהר הערט שטורמען, זאָל עס אייך פריי זיין צו אונז צו־צושטעהען, אדער אָבוואַרטען אויב עס גליקט, אין וועלכען איך צוויי־פעל גאָר ניט.

מאַגיסטער.

איך וועל ניט פעהלען.

ברעהמע.

אדיע, און גיט אכטונג אויפ׳ן צייכען.



## דריטער אויפטריט

ברעהמע.

(אליין:) ווי וואָלט זיך מיין זעליגער זיידע געפרייט, ווען ער וואָלט געקענט זעהען, ווי איך טויג צו מיין נייער מלאכה. דער מאַגי־סטער גלויבט שוין, אז איך האָב גרויסע קאָנעקציאָנען אין הויף. דאָ זעהט מען, וואס עס הייסט, ווען מען קען זיך אליין פערשאפען קרובים. איצטער מוז קומען קאראָלינע. זי האָט שוין אזוי לאנג אויפגעפאסט אויפ׳ן קינד, איהר שוועסטער וועט זי אבלאָזען. אָט איז זי.

## פיערטער אויפטריט

ברעהמע, קאראָלינע.

ברעהמע.

וואס טהוט דער יונגער גראף?

קאראָלינע.

גאַנץ גוט. איך האָב איהם דערצעהלט מעשה׳לעך, ביז ער איז אנטשלאָפען געוואָרען.

ברעהמע.

וואס נאָך הערט זיך אין שלאָס?

קאראָלינע.

גאָר ניט מערקווירדיגעס.

ברעהמע.

איז שוין דער הויפראטה אוועקגעפאָהרען?

קאראָלינע.

ער האָלט נאָר וואָס דערביי. מען בינדט איצט צוזאַמען זיין מאַנ־טעל־זאַק.

ברעהמע.

האָסטו ניט געזעהען דעם באראָן ?

קאראָלינע.

ניין, פאָטער.

ברעהמע.

היינט, ביי דער נאַציאָנאַל פערזאַמלונג, האָט ער דיר איינגע־ראַמט פערשיעדענעס אין אויער.

קאראָלינע.

יא, פאָטער.

ברעהמע.

און וואָס ער האָט דיר געזאָגט, איז ניט נוגע די גאַנצע נאַציאָן, נאָר מיין טאָכטער קאראָלינע ?

קאראָלינע.

יא, פאָטער, געוויס.

ברעהמע.

און דו האָסט געוואוסט, ווי קלוג דו זאָלסט דיך בענעהמען געגען איהם ?

קאראָלינע.

יא, געוויס.

ברעהמע.

ער האָט ווייטער שטאַרק געדרונגען.

קאראָלינע.

ווי דו שטעלסט דיר פאָר.

ברעהמע.

און דו האָסט איהם אָבגעוויעזען ?

קאראָלינע.

ווי עס פאַסט.

ברעהמע.

ווי איך קען עס ערוואַרטען פון א גוטער טאָכטער, וועלכע איך וועל אויך בעדעקען מיט עהרע און גליק און זי רייך בעלוינען פאר איהר טוגענד.

קאראָלינע.

ווען איך וועל נאָר ניט האָפען אומזיסט.

ברעהמע.

ניין, מיין טאָכטער, איך בין נאָר וואָס ענטשלאָסען א גרויסען פּלאַן דורכצופיהרען, צו וועלכען איך בענעטהיג דיין הילף.

קאראָלינע.

וואס מיינסטו, פאָטער?

ברעהמע.

אָט דיעזע פרעכע מענשען סטראַשעט אונטערגאַנג.

קאראָלינע.

וואס רעדסטו?

ברעהמע.

זעטץ דיך אניעדער און שרייב.

קאראָלינע.

וואס?

ברעהמע.

א צעטעלע צום באראָן, אז ער זאָל קומען.

קאראָלינע.

צו וואס?

ברעהמע.

דאס וועל איך דיר שוין זאָגען. עס וועט איהם גאָר ניט שאדען. איך וועל איהם בלויז איינשפּארען.

קאראָלינע.

אך, גאָט!

ברעהמע.

וואס איז נייעס ?

קאראָלינע.

זאָל איך ווערען אזא פעררעטהערין ?

ברעהמע.

מאך עס נאָר געשווינד.

קאראָלינע.

ווער זאָל דען ברענגען אהין ?

ברעהמע.

דאס וועל איך שוין פערזאָרגען.

קאראָלינע.

איך קען עס ניט טהון.

ברעהמע.

פאר אַלעמען א קריעגס־פּלאַן (ער צינדט אָן אַ בלענד־לאַמטערן און לעשט אויס דאס ליכט.) געשווינד, שרייב! איך וועל דיר צו־לייכטען.

קאראָלינע.

(פאַר זיך:) וואס זאָל ווערען דערפון? דער באראָן וועט זעהען, אז דאס ליכט איז אויסגעלאָשען; ער וועט קומען אויפ'ן צייכען.

ברעהמע.

(צווינגט זי צום זיטצען:) שרייב! „לואיזע בלייבט אין שלאָס. מיין פאָטער שלאָפט. איך לעש אויס דאָס ליכט. קומט."

קאראָלינע.

(פּראָטעסטירענדיג:) איך שרייב ניט!



## פטער אויפטריט

די פריהעריגע, דער באראָן ביים פענסטער.

באראָן.

קאראָלינע!

ברעהמע.

וואס איז דאס? (ער רוקט צו דעם בלענד־לאמטערן, האלט צו קאראָלינע'ן, וועלכע וויל אויפשטעהען.)

באראָן.

קאראָלינע! זייט איהר ניטאָ? (ער קומט אריין:) שטיל! וואו בין איך? איך זאָל נאָר ניט פאלען. גלייך געגענאיבער דעם פענסטער איז דעם פאָטער'ס שלאָפצימער, דאָ רעכטס ביי דער וואנד די טהיר אין דער מעדכען־קאמער. (ער טאפט און טרעפט די טהיר.) דאָ איז זי, ניט פערמאכט. אך, ווי גוט די בלינדע קופידאָ וויים זיך צו בע־האלטען אין טונקלען! (ער געהט אריין.)

ברעהמע.

אין פאסטקע! (ציהט אויף דעם בלענד־לאמטערן, לויפט צו דער קאמער־טהיר און פעררוקט דעם ריגעל.) אזוי איז גוט. (ער לעגט ארויף א שלאָס.) און דו, ניכטסווירדיגע, אזוי האסטו מיך פעררא־טהען?

קאראָלינע.

פאָטער!

ברעהמע.

דו האסט מיך גאָר אָבגענארט!

באראָן.

(פון אינעווענינ:) קאראָלינע! וואס הייסט דאָס?

קאַראָלינע.

איך בין דאס אונגליקליכסטע מיידעל אונטער דער זונן.

ברעהמע.

(הויך, ביי דער טהיר:) דאס הייסט, אז איהר ווערט דאָ שלאָפען, אבער אליין.

באַראָן.

(פון אינוועניג:) ניכטסווירדיגער! מאַכט אויף, הערר ברעהמע! דער שפּאס ווערט אייך טהייער קאָסטען.

ברעהמע.

(הויך:) עס איז מעהר ווי שפּאַס, עס איז ביטערער ערנסט!

קאַראָלינע.

(ביי דער טהיר:) איך בין אונשולדיג אין דעם פעררעטה.

ברעהמע.

אונשולדיג? פעררעטה?

קאַראָלינע.

(קניענדיג ביי דער טהיר:) אַך, געליעבטער, ווען דו זאָלסט קענען זעהען, ווי איך ליעג דאָ ביי דער שוועל, ווי איך ברעך מיר די הענד, ווי איך בעט מיין גרויזאַמען פאָטער! — מאַך אויף, פאָטער! — ער הערט ניט, ער זעהט מיך ניט! — אַך, מיין געליעבטער, האָב קיין חשד, איך בין אונשולדיג!

ברעהמע.

דו, אונשולדיג? ניעדערטרעכטיגע, שמוציגע אויסגעלאַסענע, די שאַנדע פון דיין פאָטער! אייביג שענדענדע פלעקען אויף דעם עהרענקלייד, וואס ער האָט אין דיעזען אויגענבליק אַנגעטהאָן. שטעה אויף, הער אויף צו וויינען, אז איך זאָל דיך ניט דארפען אוועקציהען ביי די האָאָר פון דיעזער שוועל, וועלכע דו וועסט ניט קענען זי וויעדער בעטרעטען ניט רויט צו ווערען. וואס, אין דעם אויגענבליק, ווען ברעהמע שטעלט זיך גלייך מיט די גרעסטע מענער פון דער ערד, זאָל איהם זיין טאָכטער אזוי ערניעדריגען?

קאראָלינע.

פערשטויס מיך ניט, פערטרייב מיך ניט, פאָטער! ער האָט מיר גענומען די הייליגסטע פערשפּרעכונגען.

ברעהמע.

רעד מיט מיר ניט דערפון. איך בין אויסער מיר. וואס? א מיידעל, וואס דארף זיך אויפפיהרען ווי א פּרינצעסין, ווי א קעניגין,-זאָל זיך אזוי פערגעסען? איך האלט מיך קוים איין דיך ניט צו שלאָגען מיט די פויסטען, דיך ניט צו טרעטען מיט די פיס. אריין אהער! (שטויסט זי אריין אין זיין שלאָפצימער.) דיעזער פראנצויזישער שלאָס וועט דיך היטען. געהערט אזעלכעס! נאָך דאס האָט מיר געפעהלט! איצט וואָלט מען בעדארפט ציהען דעם גלאָין! — אָבער ניין, פּאס מוטה, ברעהמע! — געדענק, אז די גרעסטע מענשען האָבען שוין געהאָט אויפרעגונג אין זייער פאמיליע. שעהם דיך ניט מיט א פּרעכער טאָכטער און בעדענק, אז קייזער אויגוסטוס, פּונקט אין אזא אויגענבליק, האָט מיט פערשטאַנד און מאַכט רעגיערט די וועלט, וועהרענד ער האָט פערגאָסען ביטערע טרערען איבער די פערברעכענס פון זיין טאָכטער יוליא. שעהם דיך ניט צו וויינען, אז דיין טאָכטער האָט דיך אָבגענארט. אבער בעדענק אויך, אז דער ציעל איז ערדייכט, אז דער שטן איז איינגעשפּארט און פערצווייפעלט, און צו דיין אונטערנעהמונג מוז קומען א גליקליכע ענדע.

---

# זעקסטער אויפטריט

---

זאַאל אין שלאָס בעלייכטעט.

פריעדעריקע מיט א גרויסער ביקס. יאַקאָב אויך מיט א ביקס.

פריעדעריקע.

גוט אזוי, יאַקאָב; ביסט א בראַווער יונג. ווען דו וועסט מיר צורעכט מאַכען די ביקס, דאַן זאָלסטו האָבען א גוטעם טרינק-געלד.

יאַקאָב.

גנעדיגע גרעפין, איך וועל זי מיטנעהמען און וועל טהון מיין בעסטעס. קיין טרינק־געלד דארף איך ניט, איך בין אייער דיענער אויף אייביג.

פריעדעריקע.

דו ווילסט אוועקגעהען ביינאכט. עס איז טונקעל און רעגענדיג. בלייב בעסער ביים יעגער.

יאַקאָב.

איך ווייס ניט, וואס דאס איז, אָבער מיך טראָגט עס פון דאנען, עפּעס זאָגט מיר דאס הארץ.

פריעדעריקע.

ווי געוועהנליך, זעהסטו ניט קיין שפּור.

יאַקאָב.

איך פיהל עפּעס. איך האָב א חשד. מעהרערע בויערן האָבען זיך פערזאמעלט ביים כירורג ביינאכט. זיי האָבען מיך אויך איינגעלאַדען, אבער איך בין אהין ניט געגאַנגען. איצטער ווינש איך מיר, אז הלואי וואָלט איך אהין געגאַנגען, אום צו וויסען וואָס דאָרט איז.

פריעדעריקע.

וואס קען עס דען זיין? עס איז די אַלטע פּראָצעס־געשיכטע.

יאַקאָב.

ניין, ניין, עס איז מעהר. עס איז עפּעס פאר אייך, נעגען אייער פאמיליע, פאר וואָס איך זאָרג מיך.

## זיעבעטער אויפטריט

פריעדעריקע, נאכהער די גרעפין און דער הויפראַטה.

פריעדעריקע.

די ביקס איז נאָך ווי איך האָב זי איבערגעלאָזען; דער יעגער

האָט זי גוט פערזאָרגט. אָט דאָס הייסט א יעגער. באַלד וועל איך די ביקס אָנלאָדען און מאָרגען פריה, ווען עס וועט טאָגען, וועל איך ארויסגעהען און שיסען א הירש.

(זי בעשעפטיגט זיך ביים טיש, אויף וועלכען עס שטעהט אַן ארם־לייכטער מיט פולווער־האָרן, לאַדענמאָס, קוגלען און האַמער. זי לאָדט די ביקס גאַנץ לאַנגזאַם.)

### גרעפין.

האַלטסט שוין ווידער דעם פולווער־האָרן ביים ליכט. ווי לייכט דאָס איז א פונק זאָל ארונטערפאַלען. זיי דאָך פערנינפטיג, קענסט דיך נאָך אונגליקליך מאַכען.

### פריעדעריקע.

לאָז זיין, ליעבע מוטער! איך בין שוין גענוג פאָרזיכטיג. ווער עס האָט מורא פאַר פולווער, דאַרף ניט אומגעהען דערמיט.

### גרעפין.

זאָגט מיר נאָר, ליעבער הויפראַטה, מיר ליעגט עס אויפ'ן האַר־צען: קענען מיר ניט עפּעס טהון ווענינגסטענס ביז איהר וועט צוריק־קומען?

### הויפראַטה.

איך פערעהר אין אייך דאָס געפיהל דאָס גוטע צו ווירקען און ניט צעגערען קיין אויגענבליק.

### גרעפין.

וואָס איך אנערקען פאַר רעכט, וואָלט איך וועלען באַלד טהון. דאָס לעבען איז אַזוי קורץ און דאָס גוטע ווירקט זעהר פּאַוואָליע.

### הויפראַטה.

וואָס מיינט איהר דען?

### גרעפין.

איהר זייט מאָראַליש איבערציינגט, אז דער אַמטמאַן אין קריעג האָט דעם דאָקומענט געלעגט אויף א זייט.

פריעדעריקע.

(אויפגערעגט:) זייט איהר עס איבערצייגט?

הויפראטה.

לויט ווי עס ווייזט זיך ארוים, קען איך נאר זאגען, אז דאס איז א חשד.

גרעפין.

און איהר גלויבט אויך, אז ער בעהאלט עס מיט א געוויסער אבזיכט?

פריעדעריקע.

(ווי פריהער:) גלויבט איהר עס?

הויפראטה.

ביי דער צודרעהונג פון זיינע חשבונות, ביי דער אונארדנונג פון ארכיוו, ביי אלע זיינע אויפפיהרונגען, רעכען איך, דאס ער פיעל־לייכט, ווען מען וועט איהם צודריגען, וועט ער, פאר א גרויסער סומע געלד, פערקויפען דעם דאקומענט.

גרעפין.

ווי וואלט עס געווען א שטעגער, מען זאל זוכען איהם צו פערנאַרען דורך געווינס? ער וויל, אז זיין פלימעניק זאל ווערען זיין שטעל־פערטרעטער. ווי וואלט עס געווען, מיר זאלען פערשפרעכען דיעזען יונגען מענשען א בעלאהנונג, ער זאל, פאר פראבע, ברענגען דעם ארכיוו אין ארדנונג, און איהם צוזאגען א גרויסען פרייז, ווען ער וועט געפינען דעם דאקומענט? רעדט מיט איהם, איידער איהר פאהרט אוועק. דערוויילע, ביז איהר וועט צוריק קומען, וועט זיך אלעס איינארדנען.

הויפראטה.

עס איז צו שפעט, ער איז געווים שוין אין בעט.

גרעפין.

גלויבט דאס ניט. ווי אלט ער איז, וועט ער זיין וואך, ביז איהר וועט זיטצען אין וואגען. לאמיר איהם נאר לאזען רופען.

פריעדעריקע.

לאָמיר איהם טאַקי רופען און זעהען וואס ער טהוט.

הויפראַטה.

איך בין צופריעדען.

פריעדעריקע.

(קלינגעלט און הייסט דעם דיענער ארייננקומען.) רופט אריין דעם אַמטמאַן אויף אַן אויגענבליק.

גרעפין.

די אויגענבליקען זיינען זעהר טהייער. ווילט איהר נאָך געבען א בליק אויף די פּאַפּיערען? (צוזאַמען אַב.)

# אכטער אויפטריט

פריעדעריקע אליין, דערנאָך דער אַמטמאַן.

פריעדעריקע.

דאס געפעלט מיר ניט: זיי זיינען איבערציינט, אז ער איז א לומפּ, און דאָך ווילען זיי איהם ניט צווינגען; זיי זיינען איבערציינט, אז ער האָט זיי בעטראָגען, געשאַדעט, און דאָך ווילען זיי איהם בעלוי־נען. דאס טויג ניט. עס וואָלט געווען בעסער פון איהם צו מאַכען א ביישפּיעל. — אָט געהט ער טאַקי! —

אַמטמאַן.

איך הער, אז דער העדר וואָהלגעבוירענער הויפראַטה וויל מיר נאָך עפּעס זאָגען פאַר זיין אַברייזע. איך קום הערען דעם בעפעהל.

פריעדעריקע.

(נעהמענדיג די ביקס:) וואַרט אַן אויגענבליק! באַלד קומט ער אריין. (שיט אריין פּולווער.)

אמטמאַן.

וואס טהוט איהר דאָרט, גנעדיגע גרעפין?

פריעדעריקע.

איך האב געלאַדען די ביקס אויף מאָרגען פריה; אַן אַלטער הירש זאָל פאַלען.

אמטמאַן.

אך! שוין היינט געלאַדען! ווי לייכט קען געשעהען אַן אונ־גליק!

פריעדעריקע.

נאררישקייטען. איך וויל בעסער זיין פיקס און פארטיג. (הייבט אויף דאס געוועהר, און, ווי צופעליג, האַלט זי עס געגען איהם.)

אמטמאַן.

אַך, גנעדיגע גרעפין! איהר זאָלט קיינמאָל ניט האַלטען קיין געלאַדענעם געוועהר געגען א מענשען. אַן אונגליק קען געשעהען!

פריעדעריקע.

הערט אוים, הערר אמטמאַן, איך מוז אייך עפּעס זאָגען בסוד — אַז איהר זייט א ניעדריגער לומפּ!

אמטמאַן.

וואס איז דאס פאר אַן אויסדרוק, מיין גנעדיגע? נעהמט אוועק די ביקס!

פריעדעריקע.

ריהר דיך ניט פון פּלאַטץ, פערדאַמטער קערל! זעהסטו, איך בין פאַרטיג! דו האָסט גע'גנב'עט א דאָקומענט —

אמטמאַן.

א דאָקומענט? איך וויים פון קיינע דאָקומענטען.

פריעדעריקע.

מערק דיר גוט, איך בין פארטיג, און ווען דער דאָקומענט קומט ניט ארוים באַלד, אָדער דו ווייזט ניט אָן, וואו ער געפינט זיך, אָדער

וואס מיט איהם האָט פּאסירט, דאַן גיב איך דאָ איין דריק און דו ביסט טויט ווי אלע טויטע.

אַמטמאַן.

אום גאָטעס ווילען!

פריעדעריקע.

וואו איז דער דאָקומענט?

אַמטמאַן.

איך ווייס ניט. — נעהמט אוועק די ביקס! — איהר קענט נאָך מאַכען א טעות.

פריעדעריקע.

א טעות אָדער ניט קיין טעות, ביסטו סיי־ווי־סיי טויט. רעד, וואו איז דער דאָקומענט?

אַמטמאַן.

ער איז — פערשלאָסען.

---

## ניינטער אויפטריט

גרעפין, הויפראַטה, די פאָריגע.

גרעפין.

וואס איז דאס?

הויפראַטה.

וואס טהוט איהר?

פריעדעריקע.

(צום אַמטמאַן:) ריהרט זיך ניט, אָדער איהר זייט א טויטער. וואו פערשלאָסען?

אַמטמאַן.

אין מיין שרייב־טיש.

פריעדעריקע.

וואו אין שרייב־טיש?

אמטמאַן.

צווישען א דאָפּעלט שופלאדען.

פריעדעריקע.

וואו איז דער שליסעל?

אמטמאַן.

אין מיין קעשענע.

פריעדעריקע.

און ווי שליסט זיך אויף דער דאָפּעלט שופלאדען?

אמטמאַן.

דורך אדריק ביי דער רעכטער זייט.

פריעדעריקע.

אהער מיט'ן שליסעל!

אמטמאַן.

דאָ איז ער.

פריעדעריקע.

ווארפט איהם אהער! (דער אמטמאַן ווארפט איהם אויף דער ערד.) און די שטוב?

אמטמאַן.

איז אָפען.

פריעדעריקע.

ווער איז דאָרט?

אמטמאַן.

מיין דיענסט און מיין שרייבער.

פריעדעריקע.

איהר האָט אַלעס געהערט, הערר הויפראַטה. איך האָב אייך פערשפּאָרט אַן ארבייט. נעהמט דעם שליסעל און ברענגט דעם דאָקומענט! אויב איהר ברענגט איהם ניט, דאַן האָט ער געזאָגט א ליגען און איך דערשיס איהם אויף טויט.

הויפראַטה.

לאָזט איהם מיטגעהען; בעדענקט וואס איהר טהוט!

פריעדעריקע.

איך ווייס וואס איך טהו. מאך מיך ניט ווילד און געהט!
(הויפראטה אב.)

גרעפין.

טאכטער מיינע, דו דערשרעקסט מיך. לעג אוועק דאס געוועהר.

פריעדעריקע.

ניט פריהער ביז איך וועל זעהען דעם דאקומענט.

גרעפין.

הערסט ניט? דיין מוטער בעפעהלט עס.

פריעדעריקע.

אפילו מיין פאטער זאל אויפשטעהען פון קבר, וועל איך איהם אויך ניט הערען.

גרעפין.

ווען עס זאל אויסשיסען!

פריעדעריקע.

וואס פאר אונגליק וואלט עס געווען?

אמטמאן.

איהר וועט חרטה האבען.

פריעדעריקע.

נעוויים ניט!

הויפראטה.

(קומט צוריק:) דא איז דער דאקומענט.

פריעדעריקע.

איז עס ריכטיג? (לאזט ארונטער דאס געוועהר.)

גרעפין.

איז עס מעגליך?

אמטמאן.

איך, אונגליקליכער!

פריעדעריקע.

נעה, עלענדער! אוועק פון דאַנען!

הויפּראַטה.

עס איז דאָס אָריגינאַל.

פריעדעריקע.

גיט עס מיר אהער. מאָרגען וועל איך עס אליין ווייזען די גע־מיינדען און זאָגען, אז איך האָב עס עראָבערט.

גרעפין.

(אומארמט זי:) מיין טאָכטער!

פריעדעריקע.

ווען דיעזער שפּאַס זאָל מיר נאָר ניט פערדארבען די לוסט צו דער יאַגד! אַזאַ חיה וועל איך שוין מעהר קיינמאָל ניט שיסען.

(נאָכבעמערקונג פון איבערזעטצער: דער שלום איז אין ערצעהלענדער פאָרמע. דאס הייסט: אז די גאַנצע רעוואָלוציאָן איז צוזאַמענגעבראָכען מיט גאָר ניט.)



# מאָנאַטליכע פּרעמיום

פון די היברו פּאבלישינג קאָ., 83-85 קאנאל סט., ניו יארק

## א פאלשטענדיגע פּראכט אויסגאַבע

פון אלע ווערקע פון

# מענדעלע מוכר ספרים

### אין צוויי דיקע פּראכטפאלע בענדער

מיט גאָלד־סטעמפּינג אויף די רוקענס, און מיט דעם בילד פון מענדעלען גראַווירט אין גאָלד אויפ'ן רעכטען טאַוועל פון יעדען בוך.

### ענטהאלטען פאלגענדע ווערקע:

1 דאָס קליינע מענשעלע.
2 פישקע דער קרומער.
3 די טאַקסע.
4 די קליאַטשע.
5 דער פּריזיוו.
6 יודעל.
7 א רייזע בעשרייבונג פון בנימין דעם דריטען.
8 דאָס ווינשפינגעריל.
9 די אַלטע מעשה.
10 שלמה ר' חיים'ס.
11 איבער א שטאָדט אין מזרח.
12 די ענטדעקונג פון וואָהלין.
13 די גרויע האָאר.
14 ספר הגלגולים.
15 ספר הבהמות.
16 אויף אסיפות.
17 א פריהמאָרגען אין גלופּסק.
18 איידעל.
19 ישראליק דער משוגענער.

דיעזע רייכע אויסגאַבע, וועלכע איז אַן אוצר פון ליטעראטור און ספּע־ציאַל פון אידישע ליטעראַטור דאַרף זיך געפינען אין יעדער אידישער הויז און יעדער איינער דאַרף עס לעזען און זיך בעקענען מיט'ן זיידען ר' מענ־דעלעם וואונדערשעהנע מעשיות איבער דעם לעבען און ליידען פון אונזער פאָלק ישראל.

**רעגולאר פּרייז $3.00 ; פּרעמיום פּרייז $1.00**

(פּאָרטאָ 50ס. עקסטרא).